# מאַטעס דייטש




געזאַמלטע לידער און פאָעמעס

הוצאת
הספריה
י.ל. פרץ
תל-אביב · ישראל
1959

מאטעס דייטש

*

צום נאענטסטן שטערן

יידיש

# פאָרויסוואָרט

שלום עליכם, לייענער פון פּאָעזיע אין אונדזערע טעג און פון די דורות להבאָ, וואָס וועלן געוויס קומען — צוזאַמען מיט דער גליקלעכער צוקונפט פאַר דער מענטשלעכער ראַסע.

פאַר אייך ליגט אַ קאָמפּלעטער באַנד פּאָעזיע. עס גייען אַריין אין אים לידער, וועלכע זענען געדרוקט געוואָרן זינט דעם יאָר 1922 ביז דעם אָפּשלוס פון אָט דעם איצטיקן באַנד. אַוודאי זענען גאָר אַ גרויסע צאָל לידער אויסן געבליבן מחוץ די דאָזיקע טאָמען; דאָך איז דער צוזאַמענגעשטעלטער באַנד לידער ניט קיין ריין סעלעקטיווע אויסגאַבע, נייערט — אַ באַנד לידער.

זיכער קומט אַמאָל אַ צייט ווען דער דיכטער אַליין דאַרף אויך אָפּקלייבן. אָבער לערנענדיק פון אַ סך דערפאַרונגען (אַפילו פון די עלטערע דיכטערס), בלייבט פאָרט יעדער אָפּקלייב נאָך אַלץ נישט דער אָפּקלייב, מחמת פּאָעזיע דאַרף נאָר — לויט מיין מיינונג — אָפּגעקליבן ווערן דורך די ווילנס פון די צוקונפטיקע דורות.

וואָס איך האָב בדעה צו באַמערקן, איז, אַז איך האָב אַ ווונטש (מיטן לעבנס הילף) צוזאַמענשטעלן אַ קאָמפּלעט פון עטלעכע בענד שריפטן.

דער ערשטער באַנד — לידער; דער צווייטער — עסייען; דריטער — בריוו אויפן וועג פון דער פּאָעזיע; פערטער — דערציילונגען.

סע איז זייער אַן אומרויקע, ממש אַ מאַרימדיקע צייט אין מיין לעבן. מחמת אַזוי איז עס דאָך אינעם יידישן אויך און אוודאי אַזוי אין דער גאַרער וועלט בכלל, ז'נטיבער איז די יידיש־שעפערישקייט בפרט, טאָפּלט אומרויק און איז דערימעך גוזר, אַז דער יידיש־שרייבער זאָל זיין — דרייפאַך — אַן אומרויקער.

נו, איז עס נאַטירלעך, אַז איך זאָל זיין בתוכם — אָן אויסנאַם — אינעם זעלבן אומרויקן ליטעראַרישן וואַלד אַ ציטערדיק צווייגעלע...

עס ווערן דאָ אַריינגענומען לידער, וואָס די כאַאָטישע צייט טוט זיי שטאַרק פאַרשעמען, ז' פאַרשוועקט זיי פון אונדזער געמיט ווי אַ געוויסער פאַרשוועקט

אַ מקום... אָבער מיט דער צייט פאַלט דאָס געוויסער אָפּ און דער מקום בלייבט — מקום ווי געווען לעולם ועד — וואָרום וואָס זענען די לידער שולדיק? דער מענטש פאַראַט די לידער, די לידער פאַראַטן קיינמאָל ניט דעם מענטש!

איך שטיי ממש מיט זיך אַליין בחיל וברעדה פאַר דעם דאָזיקן נסיון.

מיט דרייסיק יאָר צוריק וואָלט דאָס אַרויסגעבן אַ בוך געווען כלו חדווה, ביי היינטיקן טאָג, איז עס, געוויס אויך ניט חלילה, אינגאַנצן אָן פרייד, חס לי! נאָר ס׳מערסטע איז עס בפירוש איינגעוויקלט אין גרויס צער...

פשוט כפשוטו!

עס פעלן אויס די ל״וו (לייען — לייענער ווייסערס) פון דער אַקטועלער יידישער פּאָעזיע אין אונדזערע טעג. עס זענען ביי אונדז געוויס דאָ די גוטע גד״ל־לייענערס (געדענק־לייענערס); זיי געדענקען גוט עדלשטאַט און ביז אַרונטער־צו מיט אברהם רייזענען. בכלל זענען זיי געדענק־לייענערס וואָס געדענקען נאָר דעם מחיהדיקן אַמאָל פון אַלץ אין אונדזער שטייגער־לעבן; אָבער ווען עס קומט צו דער פּאָעזיע־חי? בלייבן זיי די גד״ל פון דער אַנטיקער פּאָעזיע — די עדות פונעם אַמאָליקן זענען זיי.

אָבער ווי זאָגט זיך עס ביי יענעם פרומען אַפּיקורס: יאָ ג״ט ניט ג״ט — אָבער דאַוונען מוז מען דאָך...

דרינג איך דערפון, אַז אויך איך גיב אַרויס אַ באַנד לידער ווייל... ס׳איז ברור וידוע; פּאָעטן האַלטן אויך פון דער־אַ אַפּיקורסישער פרומקייט: יאָ לייענער, צי ניט לייענער — אַ בוך דאַרף מען אַרויסגעבן... ס׳איז אַ מוז כאַטש אָן דער הילף פון דער מוזע, וואָס פלעג באַגלייטן מיט גרויס חדווה און ענטוזיאַזם יעדער באַנד לידער.

יאָ, דאָס איז געווען אַמאָליקע צייטן — דעם אַ מ אָ ל, כאָטש מיט דער האַנט צו דערלאַנגען...

וואָס איך בין אָבער יאָ אַ בעל־חוב, איז צו דעם מושכל־ראשון; איך האָב פאַרקינדיקט אינעם יאָר 1952 (אויף דער לעצטער זייט פון מיין בוך „מאַנדלברויט יידיש״), אַז בקרוב וועט דערשיינען מיינס אַ בוך לידער „אונטער איין דאַך״ און סע איז ביז איצט ניט דערשינען מחמת כמה וכמה טעמים, דעריבער איז טאַקע איצט אַזאַ דיקלעכער באַנד — די פּעולה פון יענער רעקלאַמע.

אַלנפאַלס, קיין בעל חוב צו דער יידישער פּאָעזיע בין איך ניט געבליבן: הגם איך שרייב זעלטן, דאָך, אויב אָן אונדזעריקער באַוויזט נאָר ניט, אַז מע זאָל אים אָנועקפירן צו גאַסט אַהין ווו אונדזער שרייבער־משפחה ציט זיך ווי

אַ לאַנגע פּראַצעסיע — צו די אָבות אבותינו — זאַמלט זיך געגוג אָן אַ היפּשע צאָל לידער, וואָס בעטן זיך מע זאָל זיי באַטאָוולען.

נאָך אַ בלייענער שטריך:

דאָס לשון ביים פֿאָלק גייט באַרג־אַראָפּ; סע איז פֿאָלקיש ניט שעפּעריש מער אין דעם ווי אַמאָל, דאָס איז אַ מכה שלא כתובה בתורה, איז כאָטש אַזוי, איז עס ביז גאָר מערקווירדיק — ביי די פּאָעטן גייט עס דווקא באַרג־אַרויף! זיי זענען שעפּעריש אין מאַמע־לשון במקום פֿאָלק; פּונקט ווי אין די צייטן פֿון דער גאָלדענער עפּאָכע אין שפּאַניע בימי שלמה אבן גבירול, משה אבן עזרא, אלחריזי און יהודה הלוי האָבן געקעכלט עברית, אַזוי קעכלען זיי — יידיש.

דער ערגסטער בלייענער שטריך, פֿאַר מיר, — אַ ווייטיק צו וויסן פֿון דעם — דאָס פּנים פֿונעם לייענער וואָס די פּאָעזיע נייטיקט זיך אין אים זייער שטאַרק, איז צו מיר פֿרעמד ווי דאָס פּנים פֿון ג״ט; כאָטש דאָס גאַנצע געשטאַלט פֿון דער יידיש־פּאָעזיע איז דווקא זייער אָנזעעוודיק צו מיר און איך זע עס אַזוי אָפּט און בולט ווי דאָס פּנים פֿון מיינע עלטערן.

איך בין זיך מודה ומתוודה — דאָס געזאָגטע איז אָן קיין שום פּאָזע צי פּניה, — בלויז צוליב אָט דער ליטעראַטור־געשטאַלט און צוליב אָט דעם־אַ פּאָעזיע־פּנים, גיב איך אַרויס מיין איצטיקן באַנד לידער: „צום נאָענטסטן שטערן — יידיש״. מיט מיין גאַנצער מוטיקייט און חדווה וואָס אַזאַ טאַט פֿאַרשאַפֿט פֿאַרט סוף כל סוף — אַנטפּלעק איך דאָס רעטעניש פֿון אַרויסגעבן אַ בוך...

אויב סע איז חלילה ניט אַזוי, זאָל מיר זיין כהנה וכהנה.

וואָרום אַנדערש קאָן עס דאָך ניט זיין ווי עס איז!

דער יידיש־שרייבער איז אַ גרויסער קרבן־גיבער און נאָר אַזאַ איז די יידיש־ליטעראַטור — פֿול מיט אידעאַלער ליבשאַפֿט און איבערגעגעבנקייט איז די צוציעוודיקייט צו איר מצד דעם שעפֿער, וואָס שטעלט זיך ניט אָפּ פֿאַר קיין שום פּחד און ספקות.

ערב ראש השנה, תשי״ט, לאָס אַנגעלעס, קאַליפֿאָרניע.
סעפּטעמבער 14, 1958.

מאַטעס

## ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער וויל ניט אַריינגיין אין גן־עדן

בערדיטשעוו רוישט אין האַלבער נאַכט
בערדיטשעוו איז פול מיט זינד ווי פּאַריזש;
ווי מאָסקווע און נעוויאָרק;
בערדיטשעוו — אַ וועלט מיט געשטרויכלטע מענטשן.

נאָר אין אמתער בערדיטשעווער
וווינט ניט אין קאָך פון בערדיטשעוו —
אין אַ זייט פון שטאָט
און איבער דער גאָרער וועלט
וווינט ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער.

— — — — — — — — — — — —

ערב האַלבע נאַכט,
צוויי וויגנדיקע געשטאַלטן שטעלן געזיכערטע טריט;
עס שאָרכעט אַטלעס, עס בלאַנקט תכלת
און עס ענטפערן אָפּ אין רעפריין — פּאַנטאָפל.
פון אַ באַוואַקסן, גרוי־געלייטערט פּנים
פאַלן מקווה־טראָפּן קאַפּ נאָך קאַפּ
אויפן אונטערטעניקן ברוק פון בערדיטשעווער גאַסן.

אָנגעלענט אויף אַ מאַנדלבוים־שטעקן
שפּרינגט אונטער דער שמש מיט אַ לאַמטערן אין האַנט
נאָך אַ פליענדיק. צעפלאָשעט געשטאַלט
וואָס שוועבט ממש אויפן אַויר ווי אַ פלאַם.
ווען דער בערדיטשעווער איז אַ געטובלטער,
פאַראינזיכט אין זיין חדר־מיוחד,

געגענט ער צו צום פיינגעשניצטן אָרון-קודש,
ציט אַרויסעט אַ ווייסע, גענדזענע פעדער,
צעוויגט זיין גוף ווי פאַר דער יום-כיפורדיקער עבודה
און שרייבט אָן אויף מאַמע-לשון, אין יידיש טייטש, —
ניט קיין מאמר, ניט קיין חיבור
און אויך ניט קיין פירוש אויף גאָטס תורה, —
נייערט אַ בקשה-בריוו שרייבט ער געציקלט-פרום:

„איי, טאַטעניו, טייערער פאָטער אין הימל;
דיין תורה איז ג־ו־ט.
דיין תורה איז וויל.
דיין תורה איז אַ היילונג פאַרן מענטש.
נאָר דו! דו! דו! גאָט!
מיט דיר וויל איך זיך אויסטענהן
פאַר דיין אויסדערוויילטן פאָלק ישראל;
ווי אַ פאַסטעך איבער זיין פאַרצוקט שעפעלע
וועל איך קלאָגן און שרייען צו דיר אַרויף".

און דער בערדיטשעווער ריכט אָפּ חצות:

„איי ווי, ווי-ווי, ווי, ווי---ווי!
„איי ווי, ווי-ווי, ווי, ווי---ווי!
וואָס האָט מען זיך אָנגעזעצט
אויף דיין ליבן, איינציקן פאָלק ישראל;
איך, דער בערדיטשעווער, לוי יצחק בן שרה'ס
קלאָג אַרויף צו דיר, שריי אַרויף צו דיר:
דען צו וועמען נאָך קאָן איך אַזוי הויך אַרויפשרייען
אויב נישט צו דיר, גאָטעניו, טאַטע סערצע, ליבער.

און פאַר וועמען נאָך דען קאָן איך אַזוי שטילשטיין
שווייגנדיק, שווייגנדיק, שווייגן;
אויב נישט פאַר דיר, טאַטע זיסער, גאָטעניו.

איי, איי, טייערער טאַטע אין הימל,
איך וועל ניט דערלאָזן זאָלסט פייניקן,
פייניקן אונדזערע אָרעמע יידעלעך;
דו ביסט ניט קיין פייניקער, דו!
דו ביסט אַ בעל רחמים, דו! דו!
דו האָסט באַשאַפן די וועלט, דו! דו! דו!
און דו פירסט די וועלט, דו. דו. דו.

איי ווײ, ווײ־ווײ, ווײ, ווײ־ווײ!
איי ווײ, ווײ־ווײ, ווײ, ווײ־ווײ"!

האַלבע נאַכט. לוי יצחק ריכט אָפּ חצות אין בערדיטשעוו.

— — — — — — — — — — — —

שיקאַגע אין האַלבער נאַכט.
אַ יידיש־דיכטער פאַראינזיכט טראַכט:
ווער בין איך, ווער? ווער?
און ווער זענען מיינע חברים, ווער?
אַט די אַלע וואָס שטייען נאָך היינט אויך אויף צו חצות
זיך אויסטענהן פאַר עמיצן, אין שטילן,
זינגעוודיקן, צי שרייענדיקן מאַמע־יידיש...
און ווער בין איך, ווער?
אָ, ווער בין איך, ווער?

ניו יאָרק אין האַלבער נאַכט,
בוענאָס איירעס אין האַלבער נאַכט,
וואַרשע נאָך האַלבער נאַכט,
תל-אביב און ירושלים די הייליקע שטאָט, —
אין אַלע שטעט מיט יידיש לעבן און שטרעבן,
צינדן זיך אָן די איינציקע לעבעדיקע יידיש-ליכטער
און פרעגן זיך: ווער זענען מיר, ווער?
און עס ווערט קלאָר דער באַשייד צו זיי — דיכטער!
אין דער אָ-רגע צעזינגען זיי זיך אַלע:

מיר הונגערן שטאַרק און האָבן דאָך
אין אונדזער רשות אַלע זעטיקע שפּייכלער.

מיר זענען אָן אַ שיעור אָרעם
און דאָך פאַרמאָגן מיר אַלע וווּנדערלעכע אוצרות.
מיר געוועלטיקן דאָך מיט די שטאַרקסטע, שעפערישע כוחות.
אָ, ווער זענען מיינע חברים, ווער?
און ווער בין איך, ווער?
און ווער איז דער בערדיטשעווער, ווער?
דער וואָס לעבט אויף אייביק בשותפות אונדזער לעבן —
בשותפות, אין דער שעה פון אונדזער זינגעוודיקן יידיש-חצות?

— — — — — — — — — — — —

דעם רבש״ע האָט זיך פאַרבענקט
נאָך זיין ווילן זינגער לוי יצחק,
שיקט ער צו אים זיין קלאָרסטן מלאָך
צו ברענגען דעם צדיק גלייך אין גן-עדן אריין.
גייט דער בערדיטשעווער צו ביזן הימל
און ווייטער וויל ער ניט גיין;
ער רופט אוים מיט אַ תקיעהדיק קול:

„אויב ניט צוזאמען מיט אַלע יידעלעך,
וואָס וואַרטן לעם שער הרחמים —
וויל איך אינגאַנצן ניט קומען!
איך, לוי יצחק, דאַרף ניט האָבן אַ ל י י ן דעם גן־עדן"!

שמייכלט דער רבש"ע מיט אַלע זונען,
פונעם שטרענגן קול קורא,
און עס ווערט אים נאָך מערער טשיקאַווע
צו זעען זיין ווילן זינגער אויף מאַמע־לשון יידיש.

באַפעלט ער גוטמוטיק, פאָטערלעך:

— אויפמאַכן אַלע טויערן פון הימל פאַרן בערדיטשעווער!

מאַרשירט אַריין לוי יצחק מיט זיין פאַראַדנעם חייל,
אַ זינגעוודיקער צווישן זיינע ליאַרעמדיקע, אייביקע יידן:
קוימענקערער, וואַסערטרעגער, האָלצהעקער,
סמאַראָוואָזשניקעס, דינסטן, פאַרבער־יונגען,
שניידער־יונגען, שלאָסער־יונגען, טרעגער־יונגען,
קירזשנער־יונגען, העקער־יונגען, בעקער־יונגען;
אַלע, אַלע פאַרשפיגענע, באַליידיקטע,
דערנידעריקטע און געפּאַלענע מחנות יידן — ע מ ך!
אויף אַקסלען ווינקט נאָענטער שטערן־יידיש
זיין דורותדיקן חלום וואָס אין אייביקייט איז פאַראַן...
זיי גייען דורך מיט אים פאַרביי דעם כסא־הכבוד
מיט געהויבענע קעפּ, מיט חלוצישן שפּאַן!
מיט פלאַמיקן ליכט אין די בענקענדיקע אויגן!
זיי גייען און גייען; גייען און גייען — — —

שיקאַגע, סעפּ. 1938

## שרה בת טובים

אַ, שרה בת טובים, דו פרום יידיש הארץ,
דו פייערלעך־הערלעך תּפילהדיק מויל.
פון אלמנות און עקרות, דו, געלייטערטסטע זעל,
האָסט געגרינגט דאָס געמיט זיי מאַמעדיק־ווויל
אין שעהן פון פיין מיט פאַרכטיקייט אין קעל.

אין כלהשאַפט זיי געלינדערט מיט אַ טרער אויף דער באַק,
אין שוואַנגערשאַפט זיי אָפּגעבונדן די פאַרקניפּטע בענד,
צו אָרעמע לייט אַריינגעלייגט דעם חלום פאַר זיי אין זאַק,
פאַר דינסט־מיידלעך דערשלאָגענע — אַ געחלומטער טרייסטנדיקער בלענד,
די נייטאָרינס און בעקערינס — אין פאַרטאָגן געזאַלבט זיי די הענט.

אַ, שרה בת טובים, דו זעליקע, הייליקע מוטערשאַפט־געשטאַלט!
אַ געזאַנג פון אָנערקענטשאַפט הארציקט אוים צו דיר אַ ייד,
וואָס פאַרלירט זיך צווישן ים און בערג און שטעט.
מאַנאַ ליזאַ האָט באַצויבערט דעם מאָלער, מוזיקער און פּאָעט, —
שרה בת טובימס איין הארציקע תּחינה פּליסטערט פול מיט פאָלקס־געבעט.

איך קאָן זינגען צווישן וועלדער און בערג און ימען, —
שרה בת טובים האָט זינגען געקאָנט צווישן יידישע מאַסן,
וואָס זענען צעהויקערט ווי בערג, צעשטורעמט ווי פלאַמען —
זיך צעגאַנגען איבער דער וועלט פון מיטלאַלטערלעכע קרומע גאַסן —
אַ, שרה בת טובים, איך זע דיך לעם פאַסיפישן ברעג, דו ווייבלעכער אלי׳־נביא.

אַלע פֿאַרביטערטע געמיטער צו דיר ציען זיך מיט הערצער צעעפֿנט און הויל
און דו, מיט דיין שעפֿטשענדיקן זאָג, צעשטרייעסט די פֿיינלעכע גרויל,
אַלע פֿאַרוואָגלטע נשמות ווי קעמלען מיט משא זיך ציען צו דיר, —
דו טוסט זיי אויסלאָדן מיט אַ גלעט: מיר פֿאַר דיר און פֿאַר דיר...
אָ, שרה בת טובים, דיין תחינה אויף יידישע ליפּן איז דעם בורא באַריר.

דו ביסט פֿייערדיק, ווי דער שמע ישראל, טיף אין מיר אַריין
און באַגלייטסט מיך מיט דיין זוניק ווערק יידישדיק צעשטראַלט;
דו זעליקע, דו הייליקע מוטערלעך, שרה בת טובים געשטאַלט.

אָ, שרה בת טובים, דו פֿרום יידיש האַרץ.
דו פֿייערלעך־הערלעך תפֿילהדיק מויל.

## פרץ — די פּוילישע ייִדן

כ'האָב דיך געזען היינט, יצחק לייבוש,
עלנט און אַליין, ניט אַרומגערינגלט פון פּוילישע ייִדן;
ניטאָ דיינע חסידים און אויך דיינע מתנגדים — ניטאָ.
נאָר דו ביסט דאָ און וועסט אייביק זיין דער ליכט-טורעם.
פּרץ! פּרץ! סע מיינט דאָך אויף שטענדיק
זענען ייִדן פאַרבליבן ייִדן אין דיין שרייב-פורעם.

כ'האָב דיך געזען היינט, יצחק לייבוש;
עלנט און אַליין, אין אַ טרויעריקן לבוש;
ביסט געשטאַנען פאַריתומט אין דיין ייִדנלאָזער וואַרשע, —
פּרץ — אין אַ ייִדן-אויסגערייניקטער וואַרשע? — — ווײ, ווײ!

כ'האָב אַריינגעבליקט אין דיין קאַבינעט:
ביסט געשטאַנען מיט דיינע הענט אָנגעלענט אויף דיין שרייבטיש,
דער קאָפּ אַראָפּגענויגט, נאָר דיין בליק — אַ וויַיטער;
צי האָסטו שוין די שוידערלעכע וויזיעס געזען אין פאָרויס?
דיין אומעט און גרויקייט קרייזלט זיך ווי שניי,
דיין געשטאַלט איז ווי רויך וואָס שטייגט כמעט שטייענדיק
אין אַ פאַמעלעכדיקן אויפגאַנג צום הימל,
געטריבן פונעם ברענענדיקסטן סקעפּטיציזם און ייִדישער אמונה באַפליגלט.

כ'האָב דיך געזען היינט, יצחק לייבוש פּרץ,
ווער סע וועט נאָר ווען, וועט דיך שטענדיק זען
און מיט דיר — די דורותדיקע, לעבעדיקע, פּוילישע ייִדן —
אַ ייִדישער חלום — דורך אַלע פייערן — חלום — — —

## משה חיים לוצאַטו

איך וויין אין מיין שלאָף בײַנאַכט
ווייל איך טראַכט פון דיר בײַטאָג.
כ'זע דעם זונפאַרגאַנג ביים פּאַסיפיק
וואָס איז פול מיט אויסצוגן
פון דיין „מסילת ישרים" — לוצאַטו, ליבער;
וויין איך דערפאַר און דעריבער.

געוויין האָט שטילע וואַרשטאַטן,
מחלוקות — היסטעריש-צעפינקלטע קוזניעס.
אוודאי איז אַ פּאַס באַגרענעצט; צופיל — גייט איבער.
און אַז דער בן־אדם איז אויך ניט מער ווי אַ כלי,
וויין איך דערפאַר און אויך דעריבער.

פאַרוואָס איז משה'ן ניט באַשערט געווען
אַריינגיין אין זיין חלום-לאַנד, כנען?
און לוצאַטון קיינמאָל ניט צו הערן באַשערט
וואָס מיר זענען זוכה?... ס'איז פאַראַן
דעם ווילנער גאונס גרויסער זאָג:

„וואָלט משה חיים לוצאַטו איצט לעבן,
וואָלט איך צופוס צו אים געגאַנגען
כדי ער זאָל מיט מיר זאָגן מוסר".
וויפל מנוחה און גאַנצקייט ליגט
אין אָט דעם ווילן, — אַז מיך ברענט זיין פיבער.
וויין איך דערפאַר און דעריבער.

ווייל צי קאָן טאַקע דער **בן־אדם,**
וואָס איז ווי אַ פּאַס באַגרענעצט,
און קעגן דער אייביקייט — אַ שילד איז,
סיי מיט אַנטפּלעקטע און סיי מיט פאַרבאָרגענע
**יאָען** און **ניינען** פון לעבן, זיין דער חיבור ?
וויין איך אויך דערפאַר און דעריבער.

וואָרן וויפל אַ מענטש זאָל אין זיך ניט אַריינגעמען
מצוות און עבירות פון אַמאָל און פון היינט,
איז ער קעגן דער אייביקייט אַלץ דאָס גאָרנישט ;
טאָ וואָס־זשע איז פאָרט אַ מענטש ? אַ מענטש ?
אַנטפּלעק עס פאַר מיר, משה חיים לוצאַטו, דו נאָכגיבער ;
איך וויין אויך דערפאַר טאַקע און דעריבער.



רעכטס — ה. רויזנבלאַט ז״ל און מאַטעס דייטש

# ארץ־רויזענבלאַט

א

שפּעט נאַכט. דער דיכטער זיצט אַ גרויס די גרוים
צווישן פלאַטערדיקע מחשבות — וואַלקנבּרעכער
צי נאָך העכער; ער לעבט זיינע שעהן אוים
ביים שרייבטיש ווי אין קילקייט פון אַ פּעכער.

ער גרונטיקט זיך אין צייט לעם ליד ביז פּאַרפּערטיקט;
געדולדיק וועבט ער אות צו אות — אַ טיפער כוס
געפּרעסטע פּערזנמעטריק אין גראַמגעציר פּערפּעקטיקט;
זיין כתב איז קליין, ער אַליין — אַ סאָלידע מאָס.

די איינציקע כלי־זיין מיט וועלכער ער מעסט
לעבן, וועלט, פאָלקס־חכמה אין זיין איכטיגל;
ער זיצט באַרוט — אַ תהילים־טרער אין טראַנס פאַרמתט —
אַ שטיקל קנויט אויפן דנאָ אין לעצטן איילקריגל...

ביים זייט פון אים — אַ שומר די גלאָז טיי —
שטייט קאַלט; פּאַרבענקט נאָך די פּעדעמלעך פּאַרע.
דער דיכטער אַ סנבטילער זקן — ליכטיקער שניי;
זיין פען שניידט דורך פאַר אים אַן אייביקע וואַרע...

אַ וועלט מיט פרייד, מיט ליד און ליכט
זיין ליריש געזאַנג האָט אויסגעשטראַלט פון זיך;
איצט שפּיגלט עס אָפּ קלוג אויף זיין געזיכט
אַל־די שעפערישע שפּע —שטריך לעם שטריך.

ב

ער זיצט — אַ פייערקנויל — אין דיכטער־טראָן זיכער;
די קלאָרע האַנט, אַ זעגל פלאַטערדיק געשפּאַנט אין סאַמע מיט
אויף בלאַנק פּאַפּיר — שאָטנט אין ווייסן־ים־געוויכער;
אָט פּאַקט ער אַלע לעבנס־סודות אין זיין האַנט, אָט — ניט.

שטילקייט הויערט אַרום פּאַרפּול ווי אין דער מערת המכפּלה.
„ליים, הרודעס, בלויע פלאַמען" — שטערן לעם שטערן געשעצטע.
ער ווינדלט זיך אין „שאָטן פון מיין בוים"? שוין? נו, מילא.
ער אַנט ניט צי שרייבט ער גאָר ס'ערשט ליד צי שוין ס'לעצטע...

צעטשוכעט זיך, דערוואַכט: אַ? יאָ. ער שרייבט: וויל דערציילן,
אַרויסציען פון זיין ברייט יידיש־אוקראַינישער פּאַזוכע
מעשהלעך, ווערטלעך, מילנערשע עפּיק — אַלע לעבנסבאַפּעלן
גרויסגעשטאַלטיקן, מאָלן דאָרפס־יידן; זייער סומנע מערכה.

— כאַטש ברויט צו־זעט געגעסן, דאָס יאָ, נאָר ס'אָרע ברויט!
עס שמעקט נאָך עד־היום מיר אין נאָז דער רייצנדיקער ריח;
גאָט, מיין האַר! אויב געשמאַק ווי יענער ברויט איז דער טויט,
טאָ שיק אים צו דיין קנעכט; ווי פוך וועט ער זיין מיר — ווייך.

זיי מוחל מיר! גאָט, אַמאַי איך טו אַזאַ ביטערע מחשבה כאָוועך,
אַז אַלץ וואָס איך זע אין דיין באַשאַף ז'בלויז מחשבה, טשיקאַווע,
טאָ העלף מיר זי, ווי ספּריטנע לאָשיקעס, פּאָעטיש קאָווען;
ס'וועט פרייען דיין פּאַריאָכן מיך צו אונדזער יידישער פּאַווע.

ג

און ווידער ציט עס אים אַרויף אויפן זעגל — טראַכטן:
ברעג. אָנהייב זיקנה — אַ יונגער לידערניק; אַ לאַמטערנטרעגער;
אָן אָנגעלאָדענע באַרושע מיט זאַפּאַסן יערן ווי אין שאַכטן
אין אים; זיי ציטערן טאָמער וועט אַ פֿאַל טאָן אויפן ברעג ער...

ווי סע טוט אַ צי מיט די לייצעס די פערדלעך, דער שמייסער,
תמיד, פֿאַרן לייענען האָבן אַראָפּגעקייקלט אַ ווערטל זיינע ליפּן:
— איינמאָל איינגענומען דיין צוהערער מיט „אָן אָנרייסער"
דאַן קאָנסטו שוין דעם גאַנצן לעבנס־עול דורכן ליד דורכזיפּן.

נאָך „מיין ליכטיקע נסיעה" בליקט ער צום זוים — לעצטער חלום
און דורך אים — אַריין אַהין — „אָן אורח אין גן־עדן".
וואָס אמת, טאַקע גלייך אַרוים צוריק; נאָר ווערליק... אָ, לעם
אַזאַ מין זוים־געטרוים איז כדאי זיך אָנהייבן צעשיידן

פֿון ערדישקייט, פֿון זיך „מיין שענצטער טאָג אין האַרבסט".
פֿאַרשטייסט, סערצע? ס'איז ניט קיין שפּיל — אַ רויש־געררוישעוו;
איינמאָל נאָר באַטרעטסטו „יענע שוועל", ציט עס שוין אַהין; שטאַרבסט.
און ווידער? בלייבסט דערפֿאַר דאָרט אייביקן; אָן אָנגעלייגטער תושב.

דערימעך אַרבעט ער מיאיק, שטעלט אַ וואָרט און מעקט אוים פֿיר;
ווייל וואָס איז דאָ אַזוי די איילעניש פּונקט איצט מיט אים?
איז יאָגן? יאָגט ער ניט די פּען — אַ ריר, קוים, קוים אַ ריר;
אַ טייבעלע צירקלט, טירקלט — רוט זיך אָפּ אויף עצי־שיטים...

עס שטראַלט פון אים אי זון אי ערד ווען אותיות יידישע
ווי זריעה געשאָטענע צעבליען זיך אין גערעטעניש, פעטלעך,
אויף זיין פערז, סטאַנזע אין פשטות אידיאָמאַטיש לידישע —
זאָל זיין זייער אופן באַשערט צעוויקלען די רויזנבלעטלעך...

ד

נאָר ווערליק דעם דיכטער שאַפט זיך שווער און מיאיק,
פונקט אַזוי, קענן אים, אַרבעט דער האַר טויט, מערנאַך פלייסיק;
דען ביי אים איז נאָר אַ גרויסער קערן דער פּאָעט (כאָטש גליאיק)
דאָך ניט מער איז ער ווי אַלע זיינס אַ קונד — גלייכפּרייזיק.

נו, לייגט ער אים, גאַלאַנט, אין אָרון אַריין אַ דענדי!
דער שענסטער אָנצוג. אַ פרישע קאַמיליע פאַרשטעקט אין לאַץ;
זיין לינקע יד איבער דער רעכטער, שווער־מיאיקע הענט די,
קלאַמערן אויפן עקוואַטאָר פון ברוסט — אַ דיטיראַמבישער זאַץ.

„דעם זאַץ" לייענט דער פּאָעט וואָס אויף דער ערנוואַך שטייט
לעם ניפטרס פּים און זעט: די רעכטע האַנט בפירוש רייסט זיך
פון דער לינקערס קלעם: לאָז אָפּ מיך, לאָז אָפּ! דען גרייט
בין איך צוריק דעם דיכטער דינען מיט מיין גאַנצן פליים — גיך.

פאַרגעס ניט, רויז, ס׳בלייבן פרישע לידער צאַפּלען אין מאַנוסקריפּט
און וואַרטן אויף מיין־דיין־ריר; ניט לאָז זיי יתומען גענאַרט;
ס׳איז ניט דיין שטייגער. וואָס? אַן עבר ווערן? ביסט אָנגעקניפּט
אין קשר של ראש, מאַעסטראָ מיין, דו פּאָלקיש־לעבעדיקע קעגנוואַרט.

ה

וועו דער שר פון די פּאָעטן דערזען האָט די קלעמיקע מאַכט
פון דער לינקער איבער דער רעכטער, פאַרקלעמט תקיפיק,
פאַרשאָלטן האָט ער זי נאָכאַמאָל פאַרבלייבן שוואַך אין אָנמאַכט;
דער רעכטער? תרי״ג מאָל געבענטשט: לעולם ועד בלייב — פּראָליפיק.

דער דיכטער וואָס לעם די פיס אים שטייט, ער שרייט
מיט זיין אינגעווייד-געציטער פאַרכאַפּט אין אתערותא דלתתא:
זעט! גאָט נעמט אַראָפּ פונם טויטס אַקסלען דאָס לעבן באַנייט
און לייגט זיך אין אָרון מיטן דיכטער געאָרעמט ווי אַ טאַטע...

ווייל דער זין פון לעבן איז דער זעלבער ווי דער זין פון שטאַרבן.
דאָס איבעריקע? אַ משל בלויז; אַ סימן פאַרן שטיקעלע תירוץ;
דער משל? ביסטו. דיין ליד? דער זיך־ייש; עס טוט פולקאָם אַרבן
דיין נפש, מינע, די גאַנצע דיכטערישע אימפּעריע — רוויזענבלאַט-ארץ...

אַלע אויגן אינעם „טשאַפּל" זעען־צו דעם בלענד; דעם בוראם פּראַכט
זאַמלט איין צוריק דאָס ליים איבערצוקנעטן אין דער טאַטעשער האַנט;
גאָט, דער וואָס האָט די זכיה אַזוי צוזען דיין־זאַך פאַרטראַכט,
ווערט שוין מיטגיין מילד, געלייטערט דורך דיין אייביקן פאַרשטאַנד.

## זישאַ לאַנדוי

איך לייען און לייען דיינע געצערטלטע לידער
צוגעקליבענע מיט דיין קאָקעטישן געשמאַק;
עס וויברירט דיין באַנד מיט פּאָעטישן פיבער
און דיין דיכטונג צעשמייכלט מיין כמורנע באַק.

אָ לאַנדוי, לאַנדוי, פּאָעטישער זישא דו;
דיינע פערזן שמעקן מיט יונגטאָגיקן אַראָמאַט
און רייצן אָנגעצויגן ווי לעמפּערטן אין „זו".
דיין ליד איז טרויער-שוישפּיל, קאָלומבינע פּאַראַט.

כאָטש טאַבאַטשניק האָט ריטערלעך דיין צעזינג
פאַרקינדיקט אַז דו ביסט „דער מאַן פון ליד",
בלייבסטו מיט דיין פערז פּאַרט מיידלש-גרינג
און בלויז די חכמה פון שיינקייט מאַכט דיך מיד.

דו, דער בערנאַרד שאָו פון קלוגן ליד אין יידיש
צענאָגסט מיין בענקען נאָך דיר, פּאָעטישער בר-דעת;
אמת, ביסט דער איינציקער וואָס פּאַסט זיך לידיש,
ריין עסטעטיש, אינעם אַמאָליקן גריכישן פּאַרנאַס.

נו, עסטעטיק איז אויך ביי אונדז אוודאי דאָ,
דאָס ווייסט שוין היינט קינד און קייט מסתמא,
נאָר איצט, ביים לייענען דיך, אין אָט דער שעה,
ז'דיין דאָיקע דאָ די פולסטע פּאָעטישע גאַמע.

אָ, לאַנדוי, לאַנדוי. זישאַ! ווידער אַמאָל:
איך בענק נאָך דיר ביים לייענען דיין ליד
וואָס ברענגט מיך אַרויף פונעם פּאַטעטישן טאָל —
ווייל אויך ווי דו בין איך דער בענקעוודיקער ייד.

כ׳מיש בלאַט נאָך בלאַט, לייען ליד נאָך ליד
און ס׳איז מיר אומעטיק אַזוי, אָ זישאַ, זישאַ-לאַנד...
כ׳שווער ביי דיינע 48 יאָר — ווי איך בין אַ ייד —
זיי לעבן ווי דו האָסט געוואָלט אין דיין לידער-באַנד.

כ׳מיש בלאַט נאָך בלאַט, לייען ליד נאָך ליד
און ציטער-אויף ביים קלאַנג פון יעדער אות;
מיט דיר וועט אונדזער דיכטונג נישט בלייבן מיד,
אדרבא, זי צעעפנט זיך — אַ פאַרכישופטער שלאָס...

אין שוים מיר פאַלט אַריין די פרייד פון מיינע הענט —
דיין ליכטיקער באַנד — די ברכה בת-טובימס און פון בעש״ט;
ווי ווויל איז מיר און ווויל לאַנדוים „מיין טעסטאַמענט״
ווען איך מיט זישאַן פ אַ ר ל י ד ע ר ן זיך אינעם בוך מיטן רעשט.

איי, זישאָ, זישאָ-לאַנד... דיין ליד איז אָנגעגורט
מיט פערזיקער עלעגאַנץ, אָנגעהויכט מיט תחינהשער הנאה;
מיט ראַפינירטן שטאָם-מאַנעריזם ייחוסדיק פ אַ ר ב ו כ ט —
שעלמישבלאָנדער שויבער דו, מיט אויגן — קינדיש-בלאָע...

# ווען יאָסעלע ראָזנבלאַט זינגט

(אַ געדענקשאַפט פון אַ וועטשערע צוזאַמען — מיט נח נאַכבושן)

איך הער אַ שטים אַ זעלטענע,
זי איז פון יענער וועלט אַרויס
און ציט שטאַמיק איר געלייטערט קול־נגינה;
ס'איז אַן אַלט געזאַנג פון גאָלע אַכפּערונג —
אַ קלייניקייט, ווען עס זינגט יאָסעלע ראָזנבלאַט?!

ס'איז מיין באָרשט אין טעלער ניט בלויז זאַפט,
נאָר דער טיפסטער, רויטסטער הימלפלאַם;
דער לעפל שטעלט זיך אָפּ און קלערט אַ ווייל
פאַרן צעעפנטן מויל וואָס גאַפט —
אַ קלייניקייט, ווען סע זינגט יאָסעלע ראָזנבלאַט?!

ביי דער וויקטראָלע — אַ שאָטן פול מיט געהיימניש;
איך דערשפּיר אין אים דעם משולח פון אַנסקים „דיבוק".
אַ שטיק הימל פאַלט פלוצלינג אַריין אין הויז
און לייגט צו צום שפּילקעסטל אַ גרייזלעכן אויער —
איין קלייניקייט, סע זינגט דאָך יאָסעלע ראָזנבלאַט...

אַלצדינג אַרום אונדז איז אין שטוינונג פאַרכאַפּט
ווי אַן איינציק, געשפּאַנטע איבערלעבונג;
אַן אויסטערלישער זונפאַרגאַנג נידערט אַראָפּ
און פאַרוואַנדלט אין אַ זעונג, שולן, פול מיט יידן —
עפּעס אַ קלייניקייט, ווען סע זינגט יאָסעלע ראָזנבלאַט?!

פון אַ נאָענטער ווייטקייט שלאָגט אָפּ אַ ווידערקול;
מיין פאַרטראָגענער בליק דרינגט דורך דעם דעמער
און פאַרנעמט דייטלעך ווי דער הימל כליפּעט
חרטה נאָך חרטה: חטאתי... חטאתי...
געדאַרפט געווען (אַמווייניקסטנס פאַרן זינגער)
בטל מאַכן דעם טויבן טויט און רעאַלן גזר — — —
נאָר יאָסעלע זינגט, און זינגט געשטאַרקט:
**הבט משמים וראה! ראה...**
**כי היינו לעג... וקלס בגוים...**

און דער הימל כליפּעט חרטה נאָך חרטה: עויתי...
עפּעס אַ קלייניקייט ווען סע זינגט יאָסעלע ראָזנבלאַט?!
אויף קינדערישע לייטערלעך קלעטערט זיין קאָלאָראַטור נגינה
און אַ טויזנטיאָריקע וואַנדלעניש טוט אַרומבלעטערן חזנותדיק:
**הבן יקיר לי אפרים... ילד ילד! שעשועים...**
ער שיילט אָפּ די גרויזאַמע נעמען וואָס וויקלען איין **אלהימען.**
דער פאַרסמאַליעטער הימל כליפּעט חרטה נאָך חרטה — **פשעתי...**
עפּעס אַ קלייניקייט ווען רב יאָסעלע זינגט?!
ס'איז אונדזער יידישע אַרבשאַפט פון **זעקס מיליאָן** שטימען...

אינעם געבוירנטאָג פון ישראל־שטאַט

# אַ ליד צום אר״י הקדוש

וואָס ביסטו צו מיר אַזוי שפּעט געקומען, דו קדושדיקער אר״י;
צי דען זשע זענען געלעגן דיקע ווענט צווישן אונדז, דאָ הי?
מיין באָבע יענטע לאה האָט מעשהלעך פול נורא-ונפלאות
דערציילט פאַר מיר — פון דיר — אָה, **אר״י** הקדוש, **אר״י!**

וויים, איך בין איינגעוויקלט אין טומאַנען, טומאַנען;
נאָר מיינע יידישע אויגן האַלט איך אָפן.
מיין האַרץ — אָפן,
מיין זינען — אָפן,
אַלע מיינע חושים יאָגן זיך אַרום
פונעם יידישן גייסט געטריבן — אָפן.

אַלץ אין מיר איז אומרויִק און צעשמיסן פון אכזר׳ס רוט.
כאַטש איך פעסטיק זיך מיט **וארשתיך לי לעולם,**
**וארשתיך לי בצדק ובמשפט ובחסד וברחמים,**
**וארשתיך לי באמונה וידעת את** — אַבסאָלוט!

מיין הויז איז אויסגעוויַיסט — אַ פּסחדיקער סאַמאָוואַר;
האָסט דערגרייכט; כ׳בין ייִד פּלוס וועגעטאַר.
נאָר טומאַנען, טומאַנען לעקן מיך, זענען מעכּב שטום;
טומאַנען, טומאַנען — דיינע קבלה-פּלעמערישע צינגער,
זיי גרייכן און גאַרטלען מיט זעל מיך אַרום.
דער פייערדיקער גאַרטל דיינער מיינע לענדן ברענט;

דעריבער זענען ביים רעדן מיינע הענט
אויסגעשפרייטע, אומרויִקע פעכערדיקע פליגלען אין גלי
ווי דער יידיש-דורותדיקער פלאַם אין פיל-צוקנדיק טליען —
מיט דיין גייסט, אָה אר"י, קאָן יעדערער צו די הייכן פליען!

קדושדיקער **אר"י** — מיין נשמהדיקער ברי!

מיט דיר איז ניטאָ קיין קאַלטע ספערן
כאָטש רוימיק איז דער **אֵין־סופלעכער** פלי.

כ'בין געווען לעם דניעפּער, לעם דער עלבע,
לעם דונאַי, לעם דער מיסיסיפּי, ריאָ זשאַנעיראָ;
(און כאָטש ס'איז שוין בלאַס, קעגן היטלער-צייט, **יציאת מצרים),**
איז מיין דמיון געווען פאַרנומען און צענומען
זינט מיין קינדהייט; מיט דיין ביידל ביים נילוס
ווו דו פלעגסט זיך טובלען פאַר חצות;
און זשאַבעס, און יאַשטשערקעס פלעגן מיַידן דיין טראָט;
אונטערן נאָקטורן פון בלויער אומענדלעכקייט
האָסטו געלייטערט דיין פאַסטנדיקן גוף אין ווייסקייט;
קעגן דעם שטערנשטויב אין מילכוועג געוויקלט דיין טלית
איבער באָרד און פיאות און די טראָפּן געפאַלן צוריק אין נילוס.

דיין התרוממות, **אר"י** הקדוש, ביי די דרויסנדיקע תפילות,
הינטער **צפת,** ליגן מיר אויף די ליפּן עפּטער און עפּטער, —
ניט איינמאָל בין איך אין קינדערשער בענקשאַפט אויף אָט דער גאַס
צו קבלת שבת אין דער הייליקער, דיין **צפת.**
פול מיט בין-השמשות-יאָכצן פרעמפּלסטו **אתקינו** דיין פאַרפאַס.

פאַר מיר ביסטו קיינמאָל ניט קיין נפטר,
נאָר דער איינציקער גייסט דער פאַרטיפטער;
צי דען זשע זענען טאַקע באמת געלעגן אַזוינע
דיקע ווענט צווישן אונדז, ליבסטער מורנו?
ר׳ ישראל נאַגאַראַה און משה חיים לוצאַטו
האָבן אויפגעמאַכט פון זיוו־הקבלה די זינגעוודיקע טיר, —
ביסטו, אַן אייגענער, אַריין דורך איר צו מיר — — —

טומאַנען, טומאַנען, גאַרטל זיי אָפּ פון מיר
און מיין זעל וועט צו דיינער אַ פלי טאָן;
פליִען ווי פלאַם צו פלאַם —
צום אויפגייענדיקן שטאַם!

— — — — — — — — — — —

ניט סתם —
נאָר ווי די גליאיקע קאַם
אויפן שאַרבן פון דער הייליקער לאַם —
רבי עקיבא, דעם טיטאַן; די אויסגעפּרוווטע הימלבלוי;
די יידן־שטאָלץ, די ליכטיק־העלע, —
זאָל זיין דיין גייסט אין מיר אַזוי
און ניט אַנדערש אין יעדן ייִד — אָמן סלה — — — —

## ברוך שפּינאָזע

דו ביסט בשלום אַוועק
אַוווּ דער ריינער, קאַלטער שכל הויערט.
מיר ווען אונטערקומען מצליחדיק
צו דיר אין דער אייביקייט־היים
מיט אונדזער אורשטאַמיקער אונטערגאַנג־שרעק;
נאָר כל־זמן דיין פאַנטעיִסטישער גייסט
געפינט נאָך אַ מקום מנוחה דאָ
אויף אונדזער ערדישן, צעיושעטן קײַלעך,
בלייבן מיר, די ניסימדיקע נישטאונטערגייענדיקע עקשנים.

דיין פילאָזאָפישלאַר
איז פול און קלאָר
ווי די זעלבסטפאַרקינדיקונג —
אַט דער שייל, טייל, שייל,
צי גאָר דער שעפערישער באַפעל צום שכלדיקן דערציייל
פון דער אַלערסובסטאַנץ זיינער — זיי — צו דיר.
דיין פאַנטעיִסטישער מאָניזם איז דער ריין יידישער אחד
פון אונדזער שמע ישראל.
ס׳איז די שוועל צו דער עטישער טיר.

די תמידיקע ספערע, די אייביקייט־ראָד;
בתוכם — דיין מוסטער פון עקשנותדיקער גאַנצקייט.
נאָר אין דעם דאָזיקן פּרט, כ׳מיין, דאָ גראָד,
איז מיר אָט דאָס מין יידישקייט פרעמד
און עס מאָנטיעט מיינע געדערים;

כ'בין ניט מוחל קיין איינעם
פאַרן אַריינוואַרפן דיך אין חרם.
אַ רחמנות אויפן זיבן און צוואַנציקסטן טאָג אין יולי,
פונעם יאָר זעכצן הונדערט זעקס און פופציק.

אָ, ברוך שפינאָזע! דיין ליכטיקע תורה
האָט מנצח געווען, בלויז אין הויל,
איבערן מחמיר שאול מאָרטייראַ.
איך שריי אוים מיט השתוממות דאָס זעלבע
וואָס דאָס ציטערדיקע פרומע מויל
פון מאַרגאַרעטאַ וואַן דע ספיק —
די לויטערע בערעזע און ווייסע טויב —
וואָס געפליסטערט האָט אין איר אַנטפלעקונג:
„אָראַ פראָ נאָבים, סאַנקטי ספינאָזאַ".

# שבתי צבי

(אַ יידישע סאַטירע)

ווען שבתי צבי איז געבראַכטגעוואָרן
פאַרן בית־דין של מעלה,
האָט ער מילד ווי אַ תּם, אָן טענה־מענה,
גלייך אויפגעהויבן די קאַפּאָטע
און גענומען אויפקנעפּלען די שלייקעס
כּהאי לשנא — מיט אַ פּיזמון:

— חרטה, טאַטע זיסער, איז דאָך דאָ ניט שייך!
טאָ זיי וויסן, אַז דאָס האָב איך דיך אַזוי געזוכט;
נייערט מיין לעכצונג צו דיר נאָר אַזוי געווען איז אַ פולע,
מיין איינציקער פאַרפישופטער קרייז;
מרא דעלמאָ כולא.
און איצטערט, אַז מיין לעבנסשטריקל איז איבערגעריסן,
טאָ נאַדיר מיין חלק פורעים און שמיִם אַריִן,
שמיִם!

„הער נאָר דו, שעפּסל־גרעפּסל,
מילא, אַז איך ווייס דיינע מחשבות, נו!
ס'איז דאָך ניט שייך, אַזוי איז דאָך!
אַזוי דאַרף עס זיין, אַזוי זאָל עס זיין, הערסט?!
אָבער דו זאָלסט טאַקע וויסן מיינע?
ניין, דו גענאַרניק; דו איפּכאָ־מסתברהניק, דו;
דאָס נישט! אלא־וואָ־דען? טאָמער...

וואָלסטו דאָך, ווידעראַמאָל גערעדט, פאַרשפּאָרט קרימען
אָט דאָס וואָס דו האָסט אַזויפיל מאָל געקרימט?
הער זיך אָקאָרשט איין מיט דיין פאַלש קעפל:
**דת** איז נישט — **דעת**!
ס׳איז אויך נישט **דאָס** אָדער **וואָס**
פונעם משפּילישן קלאַסנקוואַס
וואָס האָט געמאַכט יידיש — יודיש-יאַדיש —
שיער ניט קיין פאָלקס חולאת!
און דו מיין בר דעת;
דו בר נש;
מיט דיין **וויאַזוי** דו האָסט מיך
רימען געזוכט, רימען... איי, איי, איי!
דו עפרא דארעא, דו ערדישער אַש!
דיין גאַנצער נאַש איז כּקליפּת השום.
דרום זאָל עד סוף כּל הדורות
לויערן קעגן דיר ישראלס אָפּשפּעטיקער ברום!״

— יאָ, איך ווייס, טאַטע סערצע, איך ווייס.

„טאָ פאַרוואָס זשע האָסטו געגאַיעט און געראַיעט
ווי די חרטומים, די מצריים-שלענג געשלייַעט״?

— אָה... דאָס-אָ? !
דאָס האָב איך **דיך**, טאַטעניו, אַזוי אַרומגעזוכט, געברייַעט.
געוואָלט דעם יצר-הרע אַליין אָפּנאַרן, פאַרפירן אים
דורך מיין געביטענעם רענדל; געוויזן אים
טאַקע די צווייטע זייט, דאָך — דיין מטבע...

„נו, נו, שעפּסל- גרעפּסל! גענוג צו צופּן די שלייקעס!
מ׳קאָן דאָ שמייַסן דורך די בגדים אויך״!

— מחמת בושה, טאַטע סערצע? בושה?

„מחמת אַלץ! מחמת דײַן שעפּסלדיקן פּיזמון!
מחמת דײַן טערקישער בת־מלכּה!
הער נאַר, דו, גענאַרניק דו!
קענסט דאָך דעם זבאַרזשער, אַ?!
אויך ער געווען איז אַ משיח...

— אַ פּאָעט איז ער געווען, ניש' טאַטע זיסער?...

„נו, יאָ, ניש' קאַ נפקא־מינה מיר;
אַ פֿאַרחלומטער פּאָעט ז'אַ משיח!
נו, איז אין אים אויך, דו ווייסט?
אַ בת־מלכּה, די טערקישע, פֿאַרליבט געווען, סכּנות!
נו, האָט ער געשריבן צו איר זמרלעך,
און זי צו אים — בריוועלעך
מיט טרערן זיבן הײם געליישט"...

— און ביי מיר, טאַטע זיסער, איז אַלץ קאַפּויר:
עֲבירה הבאָה במצוה...
ביי מיר איז פֿאַרקערט, מרא דעלמאָ כולא!
קאַפּויר און פֿאַרקערט, פֿאַרקערטע אַלצדיקייטן.

אָט דאָ האָט שבתי צבי זיך צעמיזמורט,
אַזוי זיך צעזונגען אין דבקות:
איי, איי! אוי! אוי! איי, איי! אוי!
שטאַרק! שטאַרק אָט אַזוי!
צו־שטאַרק האָב איך דיך ליבן געוואָלט און רימען

אַז דער יצר־הרע מיט זײַנע שמד־שטיק
האָט מיך ניט אָפּגעשראָקן מיט זיינע תּאוהדיקע נעצן,
נייערט געלאָפן רק הינטנאַרומער — דורכן סאַמע יצר־הרע!
ס'איז באַשיינפּערלעך גאָר געווען כּדי אים מיטצושלעפּן,
דעם שטן הגדול אַליין, מיט זיך צו דיר, צו דיר...

איי, אוי! ווי געוואָלט האָט זיך מיר
דעם אשמדאי גופא מיט זיך ברענגען צו דיר...
אוי, איי, איי, אוי! געגאַרט ליליתן ברענגען צו דיר!
ליבן דיך געוואָלט אָט אַזוי! אַכפּערן און רימען
דיך געוואָלט שטאַרק אַזוי, אַז דער ד ר ך ו ו י א ז ו י!
פֿאַרשטייסט מיך, טאַטע סערצע, פֿאַרשטייסט מיך?
סע האָט מיך ניט געאַרט אפילו די טומאה אַליין,
ווייל פֿאַרפירן גאָר די סטרא אחרא צום סאַמע כּסא הכּבוד;
צום סאַמע ליכטיקסטן היכל פון דיין אור הגנוז
און בלינד זאָלן ווערן אַלע משחיתים פון עולם התחתון
פון דער בלענדיקער שיין פון דיין שכינה....
דעם אַלערדישן סמאלן אַליין פּאַקן געוואָלט
ווי אויף אַ ווענטקע אַרויף אַ פישעלע, אַ פישעלע...
איי, טאַטע ליבער, דו פֿאַרשטייסט מיך?! די סטרא אחרא
פֿאַרפירן געוואָלט צו דער פמליא של מעלה!!

„איי, נו, נו! הער אויף שעפּסל־גרעפּסל־שנעפּסל!
גיין זאָלסטו אין דער שאול תחתיה אַרײַן
מיט דיינע השׂגות, השׂגות פון אַ שבתי־צביניק!
מילא, לאָז שוין אַראָפּ די קאַפּאָטע, שעפּסל! לאָז אַראָפּ!
אונדז קאָנען מיר דאָ שמיצלען דורך דער קאַפּאָטע;
זײַ זיך ניט צופיל מטריח פון מיינעטוועגן, גענאַרניק דו״!

— מחמת בושה, טאַטע סערצע, בושה?

„מחמת אַ, גאָר דער אַלצדיקייט, דו איפּכא מסתבראַניק!
און מחמת אַ פֿאַלשער משיח, דער עיקר אַ פֿאַלשער,
זאָל קיינמאָל ניט וויסן און נישט אָנען
מײַנע אַבסאָלוטע הימלישע מחשבות — חכמת־הבורא״ — — —

# וואָלט וויטמאַן

משה שטיינגאַרטן

וואָלט שפּאַצירט לעם אַטלאַנטישן וואַסער-ברעג פון פּאָומאַנאָק.
די ווײַסע לײַוונטענע פּלודערן צו די קני פאַרקאַטשעט קרעמפּיש;
זיין צעפּאַטלטע ביבלישע באָרד צעשטראַלט זונאויפגאַנג אויף ערדישער באַק.
באַנאַנד מיט גאָט גייט ער, וואָלט, שמייכלט בעל-שֶמיק און טרעמפּיש.

ער זעט מאַנהעטן, דעם אַטלאַנטיש-דערצויגענעם זון, אַ מאַנהעטן!
אָט פּונקט ווי ער האָט אים אויסגעחלומט; אין זיך עס געזען;
ווי משה דעם משכּן פאַרגאַנצט דערזען (אַ זעעכץ פון פּראָפעטן) —
נאָך איידער בצלאל האָט אים קונסטיק געשטאַלטיקט פאַר גאָטס געגען.

ער שפּאַצירט באָרוועס, וואָלט. דער פרימאָרגנשאַריענדיקער זאַמד-ברעג — נאַס,
זיין האַנט געגענט צו אַ שטיינדעלע, אַ זייטיק קוואַרצל ווי נעפּל;
ער הייבט עס אויף, וועגט עס אויף דער דלאָניע אין ישוב-הדעת;
באַטראַכט עס, גיט עס אַ לעק, אַ שמעק און ווערט תיכף צעכראַסטעט
אין שמועס מיט דעם: ווייסט ווער איך בין? געהערט פון דיכטער-רעבעל?
ניין? הלמאַי ווייס איך דיין יחוס-שטאַם, די סקאַלע שפּיציק-קווערקע?
טאָ ווייס, אויך איך בין אַ קוואַרצל פונעם מענטשנפעלדז וואָס איז געקאַסטעט —
אַן אָפּגעקרישלט איינציקייט פון מיין פילפעלקערדיקע מאַנהאַטאַ;
אַ מאַנהאַטאַ! קרוין סימבאָלישע פון לינקאָלן-דזשעפערסאָנס אַמעריקע!

פאַרוואָר, חלום דויערט לענגער פון רעאַלקייט, ס'איז גריילעך!
אָבער ווען דער טעלעפאָן ליגט אַ וואַרטנדיקער צווישן אונדז ביידן
מיט זיין שוואַרצן נאָפּל — אין מהלך, איז אַלץ צוגעבונדן צום קײַלעך –
ווער קאָן זיך אָפּרייסן פון דיר, דו אמתדיק לעבן, דו שטורעמכוואַליע!
און ווער וויל עס גאָר טראַכטן אין אַזאַ אופן, זיך שיידן?!

איך און קאָלומבוס האָבן אין געוויטערן געזוכט דיך און אַנטדעקט:
ער — דיין גוף אָנגעכאַפּט, איך — דיין פרייען גייסט אַנטפּלעקט.
ער פאַרשליסט דאָס שטיקל קוואַרץ אין פּויסטגעדריק; אין זיין סאַמע האַרץ;
ער מאַרשירט שפּאַצירנדיק — אַ וואָלקנגעשטאַלט ווערטיקאַל אין הימלבלויקייט;
דאָס קוואַרצל ווערט איינס מיט אים, ער מיט דעם — ערדישע געטרויקייט...

אָ, איר ימען וואָס זוימען אַרום מיינע שטאַטן, היט זיי געטריי!
טייכן, אָזיערעס, בערג און וועלדער; קעניאָנס לזכר בראשית;
נאָר דער עיקר — די שטעט. שטעט מיינע, הצלחהדיקע שטעט!
העי, מעטראָפּאָלישע צעוואַקסנקייט! זייט פריי! פריי זייט, פריי!
זייט נאָכגיביק צו אַלעמען ווי וואָלט וויטמאַן איז דיסקרעט!

ער שפּאַנט אַריין אין ימברעג ביז די קני מיט די געבייגלטע פּלודערן
און די כוואַליעס פּאַטשן אַריין דעם שוים אין די בייגל אַריין;
די פּלודערן זייגן זיך אָן מיט האַרבקייט פון זאַלציקן פּיענע-גאָס,
אוים. ס'לאָזט זיך ניט דערקענען דער ברעג און אוים מיט מחיצה-קנודערן;
ווי עס הייבט זיך אָן ים און ווו — וואָלט וויטמאַנס **בלעטער-גראָז**;
ווו עס ענדיקט זיך ים און ווו — וואָלט וויטמאַן שפּרייזט!
ער שפּרייזט. ער שטייט אַ מאָנומענט פון אַ פילפּעלקערדיק לאַנד — אַ שיין!
אַ סטאַטוע פון פרייהייט! פּאָעטישער טאַטע פון פרייעם גייסט!

## מאָנאַ ליזאַ

ספינקס, לאַם און פלאַם.
אין דיין אָפּבילד געדייעט דאָס געדעכעניש:
קלעאָפּאַטראַ, יהודית, סאַלאָמעאַ,
דיין שמייכל איז דערפאַרנקייט:
— כ׳האָב געענדערט די געאָגראַפיע פון לענדער.
כ׳האָב געקענט סאַטראַפּן, אימפּעראַטאָרן און גענעראַלן,
ווי די פאַלדן פון מיין קלייד:
מיינע פיס האָבן געקילט זייערע פיבערדיקע ליפּן,
אַרמייען גאַנצע האָב איך אָפּגעשטעלט,
אויף מיין דלאָניע איז געזעסן די וועלט.
נאָר מער ווי קורטיזאַנע,
בין איך מאַמע.
די וועלט-מוטער אין מיר
פאַרלייגט אַ האַנט איבער האַנט —
קינדער מיינע,
כ׳האָב גרויס רחמנות אויף אייך.

מאַמע מאָנאַ ליזאַ — רו און נחת —
ווייעט מיט פאַרטייעטער פראַש-שטילקייט
וואָס זיצט ווי אַ גרודע ערד.

זי איז אַ פאַרזיגלט פאַס מיט וויין
אין קעלערדיקער, אָפּגעשלאָסענער רו.

## משה זעט דאָס לאַנד — זיין פּאָרגעטרוים

נאַדירעטן

וויאַזוי ביסטו, נאַדירל,
אַוועק, דו, לאַכיקער אַדירל?

דיין געלעכטער אַפּגיך
אינעם וואָרט פון אונדז-זיך,

פאַרפאַקט אין דער ערד
כאָטש עס הענגט — אַ שווערד

אויף דיין פּען ווי אַ בליץ
אין וואָלקן איבער היץ.

דו הומאָריק, פּוראָריק נאַדירעט,
דו, שפּאַספּליטער, וואָרטשפּליטער ראַדירעט.

מיט דיר אין איר שוים
וועט די ערד (ווי גרוים

צי קליין זי איז) ענדלעך פאַרמאַכן
אויף ערדנאַכט-שלעסער אונדזער לאַכן.

אַ, זונווערטיקער פלאַמנאַדירעט,
זשאָנגלירוקער, זינגצויבערעט.

אַז דו ביסט שוין טויט, נאַדירל,
דו, שטיפעריש, ווערטלעכווערק אַדירל,

טאָ זאָלן שוין אָט־איצטער זינגען
די בלויזע האַרמאָנישע רינגען...

אַדיר, אַדיר עולם —
צום אַלוועלטפאַבריקטן גולם.

— — —

דו, מיין ציטערדיקער
וואָרטשאַפט פיטערדיקער —

פאַר אַלדילעצטע — רימערדיקער פּאָעט;
דו, אַלערבלענד, דו, שפּרודלדיקער נאַדירעט.

בלימער פון קלוגער קונסטפורעמשאַפט,
שמידער און שמוקלער — איין נאַדירשאַפט.

זשאָנגליריקער זינגצויבערעט
פון שפּראַך־דזשאָנגל וואָרטאַליטעט.

דו, דו, דער פינקלסטער עפּיטעט,
דו, דו, טראַגישער פענשפּילטעט.

נאַדיר — צוליב וואָרטבענקשאַפט,
נאַדיר — צוליב וואָרטחנשאַפט,

דיינע הומאָריסטישע נאַדירגעווערן
האָבן אָפט געפינקלט מיט קינדערשע טרערן.

געוויען
געזען
ווי איין רעג,
דורך אַ פלעג
אויף אַ שטעג
אין אַ מעג
צו אַ ברעג —
אין דער ריי
נאָך זיי...
צו די פיל יידישע שעפערלעך,
די פאַרמאָרעטע עדרה,
די צעשפּליטערטע צעדרע —
געלייטערטע צדיקימלעך.

— — —

דער טויט איז געקומען צו אים מיט אַ שמייכל,
פאַר אַזויפיל לייכטקייט פון בליציקן שכל,

האָט ער אָוועקגעלייגט די קאָסע און די מאַסקע
און אַזוי, מיט גאָלער לאָקייאישער לאַסקע,

געלייענט פאַר אים אַ זינגעוודיק שטאַפּעטל,
איבערגעבויגן, טיף לעם זיין ווייסן בעטל —

אָט אַזוי־אָ, היימיש און פאַני־בראַטיש:
ניט געכעסט זיך און ניט געהאַסט פאַנאַטיש.

— אַ גרוס דיר פון משה לייבן דעם בונטאַר
וואָס איז אין לאַנד פון לענד דער גערעכטער האַר.

און פון זישאַ לאַנדוין וואָס וואַנדערט
מיט יהואשן און ראָזענפעלדן באַנאַנדערט —

מאַלדיך, ס'איז שוין איינמאָל אַ דרילינג:
מלא טעם — אָן אייביקער פרילינג.

זיי שפּאַצירן — צדיקים צווישן ווייץ און קאָרן
אָן שטרייטן, נאָר צעקנאָספּן דאָס וואָרט אַרום דאָרן.

ווי אַ קדוש, ליעסין, ברוך הוא,
אָט, נאַ, זע, משה נאַדיר, נו?

ער שטרעקט קעגן זיי די הענט אין ווייסן אַרבל־קיטל
אַזש ראובן לודוויג ציט פאַר אים און פאַר זיי זיין היטל.

בערנאַרד לואיס וואַרפט אָפּ מיט זשעסט דאָס ווערטער־בוך
און נעמט משה וואַרשען אויף די הענט ווי אַ פּוך.

ווי צען וווּנדער יאָגט זיך אברהם משה דילאָן,
זיין פּנים צעלויכטן — שטראַליק קווינטיליאָן.

...אַך, ס'אַראַ וועלט, די אויבערשטע וועלט...
אַ וועלטגעפיל פון פולן אות, וואָרט — צעהעלט.

ווי וווּיל איז צו דיר, דו, יידישער הימל;
דיין קלענצטער און גרעסטער — אין שטערן־געווימל.

אַלע דעם יידישן פערז גלייך ווי שטערן געשליפן,
אים איינעם מיר אַלע געהערן — רוען אין זיינע היעראָגליפן.

ווי צען ווונדער פליט אברהם משה דילאָן,
זיין פּנים צעלויכטן אין פייערלעך — אַטאַממיליאָן...

קוק אריין, משה נאַדיר, נו, זע:
ס׳איז דאָך דיין לאַנדגעטרוים — די מוזע.

אַבא שטאָלצנבערג האָט עס דערגרייכט באַרוט ווי אַ פּאַסטאָראַל;
נאָר איין יאָסל קאָטלער איז אַריין אַהין מיט אַ פּראַל...

אָט־דאָס איז עס דאָך, דאָס לאַנד, אָן אייפער;
הערסט כאָטש די מוזיק? ס׳איז יאַנקל שייפער.

ווי אַ קינד — פּאַר אַ צאַצקע קריגן — פאַרמאַך די אויגן
און מאַך זיי שוין אויף אַ דאָרטן ווי פייל אויסן בויגן.

ביסט זיך שוין מסתמא אַליין אויך מחייב
אַז ס׳איז צוריק דער אָנהייב — טאַקע נאַראַיעוו.

אָט, דער היימישער הימל מיט די רויטע וואָלקנקריעס
ווי ערב שבועות, פול מיט גרינס און זון אויף די וויעס.

נו, נאַדיר? די משפּחה ז׳איצט געווים דיר ניכער;
טאָ זאָג זשע: בידך אַפקיד רוחי, וואָס גיכער.

— — —

משה זעט דאָס לאַנד אָן לענג, אָן ברייט,
אַלץ וואַקסט דאָרט, ווער ס׳האָט נאָר פאַרזייט.

אַלע עכטע יידן זענען אַדאָרט — שיכטנפיל ס׳פאָלק;
דורות מיט דורות מאַכן רעכטיק צווישן זיך אַ טאָלק.

אַלע פּראָפעטן, וואָרטגעבערער,
אַלע פּאָעטן, פלעגער און שפּראַכנערער.

אַלע אור־אור־אור־יידן — מיליאָנמיליאַס און מער;
די טאַטע־מאַמע־ביימער — פון אורדורות דער פער.

דער בעל־יידיש, חיים וויטעבסקער, איז שוין אויך דאָרט דאָ,
איז פּאָלג מיך, טו אַ שפּרינג און זאָל זיין אין אַ גוטער שעה.

זע, דעם אַלטן פּילאָ־צדיק, האָב איך איינגערעדט
אַזש אין קאַלגערי, און נאָך דיר געקומען צו דיין בעט — — —

דעריבער, ניטע מיט דיין שטאַרבטאָן זיך ניאַנטשע אַרום;
זיי דו דער חכם, מאַך עס ווי ס׳פּאַסט פאַר דיר, נאָר קום.

אַט אַזוי־אָ, כל זמן ס׳איז נאָך דאָ ס׳ביסל שכל...
דער טויט איז געקומען צו אים מיט אַ שמייכל.

— — —

אָ, איר דיכטער יידישע, צדיקים צאַרטע, גאַרע;
אין וואָרטגעשפּאַן פאַרט נאַדיר אָפּ צו אייך, מאַכט אַ וואַרע!

אַ וואַרע אינעם איינציקן לאַנד פאַר אים
ווו אויפנעמען וועט די דיכטערשאַפט זיין שטים:

פון יידנוועלט, פון מענטשנוועלט — דעם פונקבאַשטאַנד;
די וואָרטשאַפטהאַנט — דאָס אויפגעלייזטע נאַדירלאַנד.

לעם דיר שטיי איך אליין — דיין מייסטערוואָרט-פּאָרטרעט ;
מיין נאַדירעט, זשאָנגליריקער זינגצויבערעט.

אַ, טראַגיש געציר אין פּאַווע-פּעכער געשלעפּ,
דו ביסט דאָך, משה, דער שפּאַלטער פון וואָרט דורך קלעפּ.

האָסט זיך אויסגעפּלאַטערט מיט שטענדיקן וואָרטגעפלירט
אין סטילוואָגלעריש ווונדער — א צעשראָקענער הירט.

ס'איז ניט דער טויט, דו, מעלאַנכאָלישער מאַעסטראָ מיין,
כ'בין דיין אייגן וואָרט-טלית וואָס וויקלט דיך לעצטמאָל איין.

אָט אַזוי. שפּאַר זיך אָן אויף מיר, איך בין פליגל ;
געהיט וועל איך טראָגן דיך — זונגאָלד א קריגל.

דו האָסט מיך געטראָגן פינפטהאַלבן צענער יאָר
וועל איך איצט טראָגן דיך אין דער יידישער וואָר.

משה זעט קלאָר דאָס לאַנד, זיין פאָרגעטרוים,
זיין וואָרטגעשפּיל — דאָס קאָסמיש שטויב אין רוים.

# דאָן קיכאָט

דאָן קיכאָט, פעטער העגעך מײַנער, מיטן ציגענעם בערדל,
ביסט דיין שונא אויפגעשטאַנען צעשלאָגן אימת-מוות;
ניט מיט ווינטמילן מער און ניט מיט וואָלקנדיקע בערג, געדאַכטע,
אויך ניט פאַר אַ בת-מלכה אין פאַרכישופטע שלעסער,
נאָר דווקא מיט די רוצחים היטלער און מוסאָלינין, —
דעם פריזי און גירגשי — גענצנדינער און מענטשנפרעסער!
אַט קענען זיי דײַן בערדל סטאַרטשעט שפּיזמוראַדיק געצילט —
אַן עלעקטריש געבאַרבטער דראָט פאַר אָקאָפּעס געהילט.

אַ סאַנטשאָ פאַנטשאָ, פּילאָט מיינער, געטרײַער,
פלי מיך אָפּ צום פינקטלעכן שונאס לאַגער
און לאָמיר אים באַזאַלצן מיט די גראַנאַטנגראַגער —
מיטן פאָלקסגעזאַנג: אָ גראַנאַדאַ! גראַנאַדאַ...
העי, חבר'ל, סאַנטשאָלע, קוק צומאָלם אַראָפּ און זע,
פיל זענען היינט דאָ יידן צווישן אונדזערע, יע?
קוק אהער נאָר, רונדאַרום זיך, אָנשטאָט אַהין;
נו? פאַראַן איז דאָ אויך די מחנה „נפתלי באָטווין"!

זעסט? זיי זענען געקומען אַהער די אייביקע זייער-ווייער;
די זוימיק-רוימיק, שטאַמיק-פלאַמיק, הייליקע ישעיה-שטאַפּעטן;
צו לערנען מיט אונדז נאָכאַמאָל אויף לאַדינאָ-טייטש
די „מעשה" פונעם אייביקן סוד-הסודות — זיך רעטן...
ווי מע לויפט אַזוי פאַלנדיק אויף קידוש-השם
אין די יידיש-דורותדיקע מאַוימדיקע פלאַמבעטן;

כאָטש דאָס מאָל איז עס ניט רק פאַר גאָט, גאָט.
נישט פאַר זיין ערשטלינג, דעם אַמאָליקן געבאַט,
און נישט אפילו — — — אָ, גענוג אַז ס'איז דער ריינער וויסן:
ס'איז קלעם פאַר קלעם — אַ שטיקל פרייהייט-ביסן...
גרויסער קרבן פאַר דער מאַמיטאַ-מאַדריד, די באַלאַגערטע שטאָט!
איצט שווערט זיך, פאַר סאַנטשאָן, דער צעפלאַמטער דאָן קיכאָט;
אוים! ניט זיין מער פאַר דער שמינקעוודיקער וועלט
דער צעשויבערטער, הייסטרוימערישער פאַרדאַרטער כניאָק
פון די אויסטערלישע ריטער און אָקסנראַנגלער צי מאַראַנען
פאַרן ווילדן שטוינען, געפּלעפטן לאַכן פון סינאָריטאַס און סינאָרן!
זעסט דאָך ווי סע שפּיזט מיין בערדל זיי אַקעגן — שאַרפסטער צוואָק!
אַ נייעם פּשט פון אַן אַלטער ווערסיע איצט-אָ קלאָר אַנט עס:
דאָן קיכאָט איז צום שלאָגן זיין שונא, אויפגעשטאַנען;
ער איז מיט חזיון אַן אַנטפלעקטער און אַ נייער — גאָרן אויף גאָרן!
דו לעבסט! איך לעב! און דער פאָלקס-סאַטיריקער סערוואַנטעס...

לאָמיר שפּייען פייער אין נאַציישן מויל דעם וועלטפאַרשרייער.
ס'איז גוט צו שפּאַנען אָט אַזוי ליכטיק פאַרן שפּאַנישן פאָלק
צוזאַמען מיט די פּילפּעלקערשע זין — צדקדיקע באַפרייער!

אין אָט דעם ה ר ת - ע ו ל ם גיב איך אויך צושטייער
צום נאָענטסטן שטערן — יידיש — וואָס פול איז מיט ישעיהס טאָלק...

# דער מענטש ישעיה

וואָס מער ישו'ס קלויסטער־פעלקער פאַרגרעסערן
און פאַרמעסערן זייער קרייץ־באַרבאַריזם,
(פונוועגן זייער האַרם הימלשע ליבשאַפט
צו אונדז) אַלץ טייערער און מער — ווערט
דער מענטש ישעיה מיט זיין ערדישן סאָציאַליזם.
מיר שרייען אַרויף צו אים:
אפפונו דמים עד נפש — — — דמים... דמים...

זע! די פאַרטיפטע טיפן פונעם יידישן קלאָג־וואָרטאַליזם
בליען ווען דו לאָזט זיך פליען אין דער צוקונפט פון ישעיהן —
והיה באחרית הימים! וואָס איז דאָ פאַראַן צו ברייען?
דער מענטש דאַרף ישעיהס חלום, און ער? אָנחלומען מער...

אָ, אָל שדי! איך שווער ס'איז דיין פאַרוועך! טאָ באַשער
דיין באַגער: צו קנעכטשאַפט מער זאָל מענטש זיך ניט פאַרלייען!
זיי מגלה צו אַלע קנעכט, די רעכט צום חלום פון דיין איש ישעיהן.

# מיין מאַמע טענהט זיך אויס מיטן
# גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב

איך זע דעם ווינקל פון וואַנען מיין מאַמע האָט גערעדט
איר יידיש-תפילה צו גאָט; דער ווינקל ווי דער כּותל מערבי
איז פאַרכטיק אין מיינע אויגן אין אַלע צייטן.

זיבן יינגלעך ווילן עסן! עסן! עסן!
און די ברויט-פּאַליצעס שטאַרן שטום,
אָפן, פריי, ליידיק — הפקר!
דער דרויסן רופט דעם דלות:
נו, קום שוין, אַן עק, קום!

אַן אָרימאַן מיט אַ הדרת פּנים פון די אָבות
באַווייזט זיך אויף דער שוועל פון שטוב,
די האַנט אויסגעשטרעקט ווי אין ספק:
אַט בעטלט זי און אַט דאַכט זיך
איז זי גרייט בענטשן די ברכה פון שפעדיקער זעט.

די מאַמע האָט צניעותדיק אַרויסגערעדט:
„מיין מאַן וועט אייך געבן אין קלייט"...

ווי נאָר דער אָרימאַן פאַרשווינדט
אַזוי צעשרייט זי זיך פאַרווירט:
„קינדער! וויסט איז מיר און ווינד!
גוואַלד! אליהו הנביא איז דאָ ערשט געווען"...

זי פֿאַרברעכט די הענט און פּאַטשט מיט זיי
ווי אַ געיאָגטע הון מיט די פֿליגל;
זי יאָגט צו צום מזרח־ווינקל
און בלייבט דאָרט שטיין צעוויגט,
צעהיצט, צעפֿלאַמט און מיט אַ געבראָכן קול
ווי רויך פֿון אַ גרוב, ווי אַ קנויל פֿאַרשטיקט,
ווייסט זיך עס אַרויס און צעפֿאַלט ווי שרויט,
פֿאַלט מיט איינמאָל אין אַרויף־אַראָפּ געווירבל.

מיר, קליינוואַרג, שטייען פֿאַרתמט און פֿאַרקראַמט
און עס הילכט איר שטים ווי האָגל אויפֿן דאַך:

„גאָט! האַר און געביטער פֿון דער גאַנצער וועלט!
כ'וועל פֿון מיין ווינקל נישט אָפּטרעטן
ביז דו וועסט נישט אָפּטאָן די בושה פֿון מיין פּנים;
און מיינע קינדער נישט שטראָפֿן מער מיט סמאַהע
אויף זייערע צעלעכצטע ליפּן די פֿאַרהונגערטע;
איך, דיין אומווערדיקע דינסט וואָס איך בין,
ד'אָב באַגאַנגען אַ טאָפּעלע עבירה — געזאָגט ליגן
און מיט אָפּנאַרן פֿאַרשעמט דיין אָרימאַן...
אָ גאָט, דאָס איז אַלץ איבער דיר, טאַטע אין הימל!
וואָרן איך וויים אַז דו שפּייזט אַ ווערימל
אונטער דער געדריקטער משא פֿון אַ שטיין
און דאָס פֿליגעלע — אַ מאָן די גרוים —
גיסטו פֿאַרשטאַנד צו פֿליען און געבערן.

נו, טאַקע דערימעך, מאַטעניו, פרעג איך דיר:
הלמאי עפּעס נישט מיין געזינד? די קליינע ווערימלעך
וואָס ראַיען זיך גאַנצענע טעג אין דיינע חדרים?!
פאַרוואָס מיידט דיין ברויט אוים מיין טיר?...
אָ, גאָט, גאָט. נעם חלילה נישט אָן מיינע רייד, די געדריקטע,
און די שאַרפע ביטערקייט וואָס אין זיי.
פאַר אומגוט, חס ושלום, און אויך נישט ווי אַ לעסטערונג;
וואָרים סע איז נאָר אין דער רגע פון געענגטקייט אַזוי,
ס'לויפט מיין האַרץ אַריבער ווי אַ קאָכיקער קעסל...

מחמת צי קאָן איך דען גאָר ריידן אַזוינס צו מיין שכנה
וואָס איז אויך אַ בשר-ודם ווי איך אין פינצטערער אָרימשאַפט?
צי דען-זשע איז נאָך פאַראַנען אַזאַ באַגלויבטער ווי דו איינער,
אַז מיין האַרץ זאָל נייגן צו אים אויף אָנפּאַרטרויען די רייד
וואָס איך טו נאָר ריידן פון פאַר דיר, עוזר דלים, טאַטעניו...
אָ העלף מיר און מיין הויזגעזינד דאָס פאַרשמאַכטע, אל רחום!
איך טרעט ניט אָפּ פון דאַנען! העלף מיר! העלף!"

מיט די פויסטן האָט זי געקלאַפּט אין די ווענט
און ביי אונדז האָט געציטערט דאָס געביין אין העמד;
שרעק, פיין, האָט אָנגעטראָגן אַ מאַוימדיקע דערוואַרטונג
וואָס מוז אין אָט-דער ציטערדיקער רגע צעוווּנדערן אַ געשען!
און דאָס געשען איז אַזאָס, וואָס באַגלייט מיך ביז דעם וואָרט
וואָס איך וואָג אויפשרייבן אין דער לעצטער שורה
פון אָט-דער-אַ זאַך ווי אַ נגלה של אמת.

די ווענט האָבן זיך נאָכגעגעבן אירע פּויסטן
און אין זיך אויסגעבויגן צווי טיפע שאָלן.
ביי אָט־דעם צייכן, נישט פריער, האָט די מאַמע זיך באַרויִקט;
זיך אָויסגעדרייט צו אונדז מיט איר פּנים טרערנדיק נאָס
און דאָס בילדלעכע אויסזען אירס... אַ גאָט! אַ מענטש!
אַזוינס קאָן קיין שום מאָלער נישט אויפמאָלן;
קיין שום אַקטריסע פאַרקערפּערט האָבן און געשטאַלטיקט —
איר גאַנצער צלם אלהים האָט געפלאַמט אין הוילער בלענדעניש
אַז מיר האָבן אוים סכנה גענומען ריטשען: מאַמע! דו ברענסט!
זי האָט אַ שמייכל געטאָן מיט אַן אָנהייב פון אַ שמייכל
און יעדערן אויפן קעפּל געגלעט און אויסשטערלעך געקושט,
איר קאָפּ פאַרריסן, מיט די הענט געפּליעסקעט און באַפוילן:

„קינדערלעך, טייערע, לאָמיר טאַנצן אין אַ ראָד! אין אַ ראָד!
צו גאָט ברוך הוא, לאָמיר טאַנצן! טאַנצן! טאַנצן!
פון היינט אָן וועט איר שוין האָבן פון כל טוב”...

זינט דעמלט טאַקע, געדענק איך נישט אַז אונדזער הויז
זאָל ווען עס איז געווען האָבן געבליבן אָן ברויט...

דער דרויסן האָט דעם דלות פאַרשלעפּט אין אַלע ווייטן.
איך זע איצט דעם ווינקל פון וואַנען מיין מאַמע האָט גערעדט
איר יידיש־תפילה צו גאָט; דער ווינקל ווי דער **כותל מערבי**
איז פאַרכטיק אין מיינע אויגן אַלע צייטן;
אַ מאַמע! צי דען קאָן איך, אין דיין שיין, זיך רופן פּאָעט?

# מיין טאַטע לערנט

אַ חוקל ליגט ווי אַ מולטערל צעעפנט
אין צעווירעטן באָדן מיט בייטן —
דאָס איינציקע יידישע פעלד.
די תורה — דאָס הויז.
אַרום — דער פּאַרזיי.

אַ האַנט ווירעט מיט די פינגער
איבער די שורות און בייטן ווי אַ בראָנע.
אין פרייד פּייקלען פינגער פון דער צווייטער האַנט
איבער אָנגעשטויסענעם תהילימל דעם קוואַדראַטנעם,
וואָס ליגט פאַרטייעט ביים ברעג טיש
ווי אַ גאָרטנדיק ברונעם מיט דרעמלדיק וואַסער.
מיין טאַטע לערנט.

מיין טאַטע לערנט נישט פון איין ספר אַרויס ;
ער רינגלט זיך אַרום מיט אַ סך ספרים —
רייפן אייזערנע, רונדאַרום, פעסט.
ער ציט זיך ווי אַ זשומענדיקע בין
צו זייגן דעם האָניק פון בליטן און בלומען
פונעם אות, וואָרט אין אויפשטראַל פון שורות.
זיין מוח פאַרקלערט זיך וועגן וווּנדערלעכן פּאַרזיי,
זיינע אויגן פאַרזשמורען זיך פונעם פאַרביקן שניטצייט,
זיינע ליפּן פאַסמאַקעווען זיך מיט זעלטענע טעמים,
זיינע נאָזלעכער צעפּליגלען זיך פון גרוים תענוג,
זיין באָרד זונשטראַליקט מיט ליידנשאַפטלעכן פלאַטער
פון לערנען אין זינגעוודיקער התפעלות :
אַי און אַ־אַ־אַ־אַך !
ס׳אַרא גרוים פאַרמעגן !

און סך־הכל ליגט דאָס גאַנצע חוקל
אויף אַ פונאַנדערגעעפנטער גמרא און ציטערט:
אַ קליין שייבל אין אַ ריזיקן פענצטער —
מיטן יידישן חלום אַקעגן...

## פאַסטעך פון יידישן וואָרט און קלאָרן געדאַנק

(אויפן טויט פון ד״ר חיים זשיטלאָווסקי)

ווי אַזוי ליגסטו, אויסגעפּרוּווטער גאון,
אין דיין אָרון פאַרשטילט?
בעת דיין גייסט שוועבט זוניק
שוועבט אַלץ העכער און העכער
פאַר אונדז, די פאַרלאָזענע,
די איבערגעבויגענע אין ציטערדיקן צער
איבער דיין גוף דעם ווייסן,
דעם שנייאיקן, דעם פאַרשטילטן,
דעם געזילבערטן באַרג־שפּיץ.

אָ, פאַסטעך פון אמת און יושר, — אידייען־פלאַנצער.
ניט נאָר דיין שרייבטיש און דיין בעט
שטייען אין טרויער פאַריתומט אָט איצט,
ניט נאָר דיין פרוכטבאַרע פען אַן עלנטע ליגט, —
דאָס יידישע פאָלק איז אַ יתום געבליבן
און מאַמע־יידיש — אַן אַלמנה ניט צום טרייסטן;
וואָרים דער בראָך ביי מאַמע־יידיש איז היינט גרעסער.
ווייל מיט יעדן יידישן גאון, וואָס זי פאַרלירט,
ווערט איר נאָכמער פאַרטונקלט די אייגענע וועלט.

פאַרוואָס קאָן זיך דיין קאָפּ פון חכמה
אָט־איצט ניט אַ הייב טאָן פאַר אונדז?
אַ הייב טאָן מיט פונקען אין אויפלויכט
צו דער הויכקייט פון דיין גייסט,

וואָס פליט און פליט און יאָגט זיך
ווי ווינט, ווי שטורעם, ווי עטער — אַ ליכטשטראַל
געשיינט אין אייגענעם שיין, וואָס שיינט
און וועט שיינען און שיינען ווי אַ שטערן —
דויערהאַפטיק שיינען פאַר אונדז און נאָך אונדז.

אַ, גייסט, רבי חיים זשיטלאָווסקי, גרויסער גייסט-ווערקער.
האָסט אויסגעשמידט איין יושרדיקע ספער פון דריי גאונים
טאָלסטאָי, ניטשע און קאַרל מאַרקס — איין וועלט-באַנעם ביי דיר;
דעם זעלבן יסוד באַווייזטו אין מעטערלינקס „בלאָער פויגל”;
אין לעאָניד אַנדרייעווס „אַנאַטעמאַ” באַפעסטיקסטו אים:
אין איוב — אַן איינציקסטל קעגן אַלוועלטאיינציקסטן —
אַלץ אַנטפּלעקסטו אים;
דיין ייִדישיזם: שפּראַך, ייִד-און-מענטש, גאונים, גרונטעוועז אים;
מיר האָבן ווי אַ וואָפן געאַרבט דיין קאַטעגאָרישן שפּרוך:
„אין קריג — לויט דעם שולחן-ערוך פון קריג”...

הערראַישער ייִד, געוויסנהאַפטער מאָנער, חבר-מענטש;
טאַקע אָט דער דאָזיקער לעצטער סך-הכל;
דאָס העכסטע, דאָס איינציקע אין נאָענטקייט,
אין שייכות פונעם גלגל-החוזר פון פיל אָנהייבן
און פונקט אַזויפיל סופן פון דער אייבאייביקייט.
פאַסטעך געטרייער און קלאָרער פון וואָרט און געדאַנק,
פאַרוואָס קאָן דער חומר, דער גוף, די מאַטעריע
ניט שרייען מיט איוב-פראַגן ווי דער גייסט?
פאַרוואָס שווייגט ער? וואָס שטילט ער מיסטיש שטום?

אָ, דער גוף, דער גוף, ער איז מיד;
מיד פון דער וועלט, פון מענטשן, פון קאַמף מיד;
נאָר ניט פונעם גייסט, דאָס הייליק פייער־ליכט.
שלאָפט ער אַזוי, דיין גוף, מיט גאָר דער שטילקייט:
איז ער מסכים מיט זיין גורל?
איז ער צופרידן מיט זיין דאָליע?
אָ, עניגמע! וואָס איז עס? וואָס באַדייט עס?
איז עס שאָפונג? איז עס שפּיל? איז עס השגחה?
איז עס וועלט־ווילן? גוף שווייגט; גוף שטילט.

אָט דאָס אַלץ פאַרוואָס פרעגט ניט דער חומר?! —
צו וואָס די מאָדנע דראַמע מיט אַזיערעם בלוט
און רויטע ימען מיט מענטשנס טרערן?
וועלדער מיט געוויינען און קנאַלנדיקע עכאָס?
און שטעט? שטעט מיט פאַרדאַרבונג, מיט פאַרוויסטונג;
מיט אַ בויונג, וואָס וועט זיך ווידער פאַרוויסטן?!
דער חומר שרייט ניט און די מאַטעריע פרעגט ניט,
כאָטש די האַרמאָניע ליגט גרייט זיך אַ הייב טאָן
פאַרן פּראָפעטישן שפּרוך פון אַ היינטיקן יחזקאל...

וואָרהאַפטיק, בלויז דער גייסט שרייט און פרעגט
און קריגט זיך פון בראשית־אָן ביז איצט, —
טאָ זאָל ער טאָקע פרעגן, שרייען און וועקן;
דער גייסט פון דורות נאָך דורות;
פאַר דורות אויף דורות — זאָל ער ענטפערן;
דער גייסט, וואָס אייביקט אונדז אויף תמיד
און באַפעסטיקט מיט באַוווּסטזיין אונדז
אינעם איינציקן קיום פון אייביקייטס־ווערטן —
פאַסטעך פון אמת און יושר — אונדזער גייסטיקער חיים.

## וואָס איז אַ הויז?...

(אויפן טויט פון לאַמעד שאַפּיראָ)

דער מענטש איז דאָס הויז;
אָן אים זענען אַלע חדרים ליידיק, פּוסט!
די גרויסע גמראס מיטן גראָבן תנ"ך
ווערן באַגלייך ווי די קליינע ספּרימלעך, —
אַ סטאַדע פאַרלוירענע שעפּסן
מיט אַרויסגעבלעקטע לויזע צינגלעך;
זייערע צעשראָקענע בליקן זוכן דעם פּאַסטעך
און שרייַען שטום, און וויטיקן אוים דעם צער
פון פאַרגליווערט ווערן אין עלנטער פאַרוואָרלאָזעניש.

אוי, איז עס — צער! אוי, איז עס גזר!
אַזש די אָנגעזאַמלטע אוצרות מיט כלערליי חפצים
(טאַקע גאָר די גאַנצע מענטשלעכע מי)
צוזאַמען מיט אונדזערע ביכער אויף די ביבליאָטעק-פּאָליצעס,
פאַלן אַוועק פאַרחלשטע לעם די טאָוול-טויערן
פון די גרונטאָווגע גמראס און מאַסיוון תנ"ך —
שפּילצייג ווערן זיי פון אַ קינדערשער וועלט
וואָס ליגן צעוואָרפן ביי די ווענט פון הויכע מויערן
בעת אַ מיסטיש הויערן, און אַ לויערן טוט אונדז באַדויערן
און עגבוירן, עגבוירן, —
עגבויערן דעם אייביקן פרעג:
וואָס איז אַ מענטש?

ניט זיין הויז און ניט זיינע קליידער —
נייערט אַ קאַסטן מיט געדאַנקען איז דער מענטש
וואָס שווימט אַרום כסדר
אין שלאַקסן און אין מבולם
ווי דעם פעטער נחם תבה...
ער שווימט, ער שווימט — דער מענטש;
שווימט צום אמת פון זיין איך;
דער מענטש איז דער אמת בלויז מיטן אלף פון אנכי!
פאַרשווינדט אָט דער איינציקער אלף,
ווערט פון זיין איכיקן אמת — מת.

אָט דאָס איז דער מענטש:
מיטן פולן אמת — אַ איך, אַ מענטש,
אַ גאַנצער — אנכי!
אָן דעם אלף פון זיין וועלט־אמת,
ווערט ער אויף תמיד אַלעפּלאָז, — מת.
אַ קאַסטן מיט געדאַנקען שווימט אַרום כסדר;
סיי אין אונדזער אייגענעם דמיון,
און סיי אין דער אומענדלעכער מחשבה
פון דער וועלט מיט איר פיינלעכער חכמה — — —

29־טן אויגוסט, 1948, לאָס אַנדזשעלעס, קאַליפאָרניע

## דער פּאָעט — אַ פּאַסיקל ערד...

יהואשן

דער ווינט לויפט מבולבל איבערן אַויר
מיט קילע, גרינע געדאַנקען.
ער איז מודיע דער וועלט:
דער גרויסער וועלטבאַרימטער דיכטער
איז געשטאָרבן און ליגט ווי אַ קליין פּאַסיקל;
דאָס שמאָלסטע פּאַסיקל פון דער ערד.

איך האַלט זיין ניינטן, שווערסטן באַנד,
(ס'איז אַ גאַנג אין זעכצן בענד דע־לוקס).
אָ, גרויסער דיכטער, וועלטבאַרימטער וועלטגייסט, —
שמאָל פּאַסיקל זייד פונעם ערדישן קיַילעך,
ווי גרוים וואָלט איצט געווען דיין ליד
ווען סע זאָל דיר דערלויבט זיין אויפצושטיין
כדי נאָך איינמאָל אַ זינגטאָן צו דער וועלט?

דער ווינט יאָגט זיך נאָך די בלעטער פונעם בוך
מיט דראָבנע, ברענענדיקע געדאַנקען.
און איך פאָרנעם דעם גרונטיקן זאָג פונעם ווינטלויף:
אויך איצט וואָלט ניט קלענער זיין דעם דיכטערס ליד
כאָטש ער איז ניט מער ווי אַ שמאָלינק פּאַסיקל אויף דער ערד.
— יאָ — האָבן צוגעשאָקלט שטאַנדהאַפטיקט די הויכע גראָזן.
— יאָ — יאָ האָבן געמורמלט די פליסיקע טייכן.

און דער ווינט האָט זיך ווידער געיאָגט איבערן אַאיר
מיט קילע, גרינע געדאַנקען;
ער איז מודיע צו דער וועלט:
דער גרויסער וועלטבאַרימטער דיכטער
איז ניט מער ווי אַ קליין, שמאָל פּאַסיקל
אויף דער אייביקבאַוועגנדיקער ערד.

דער ווינט יאָגט זיך מנחם מענדלדיק איבערן אַאיר
מיטן גרויסן, גרעסטן זאָג קעגן מיר,
אַקעגן דעם פּאַרזיכטיקן לייענער דעם זעלטענעם,
אַקעגן אַלע צוקונפטיקע שמאָלע פּאַסיקלעך —
ער רייסט דאָס ליד פון מיינע ברוינע הענט
ווי די פּלאַטערדיקע בלעטער פּאַפּיר
איינגעבונדן אין פּרעכטיקן באַנד.

נאָר די דראָבנע, אָטעמדיקע אותיות
אָטעמען אַן אָטעם: טאַקע? דו זיידן פּאַסיקל ערד,
ווי גרוים וואָלט געווען איצט דיין ליד, באַשעפּער,
ווען סע זאָל דיר דערלויבט זיין אויפצושטיין
כדי נאָך איינמאָל אַ זינגצוטאָן אויף אונדז
צו דער פילבאַוועגלעכער וועלט? אַ, באַשעפער!

די דראָבנע אָטעמדיקע אותיות אָטעמען אַן אָטעם:
אָ, טאַקע; באַשעפּער, דו זיידן פּאַסיקל ערד,
אָטעם נאָכאַמאָל אַריין אין אונדז דיין אָטעם,
דו זיידן פּאַסיקל ערד — אונדזער איינציקער באַשעפער...

## דניאל, דניאל

אַך, דניאל, דניאל, געווען איז דיר בעסער פון מיר
אין דיין גרוב מיט לייבן.
מיר איז פיל ערגער אין גרויסשטאָט מיט מענטשן.
בלויז איין זאַך האָט געקאָנט מיט דיר געשען: טויט.
„טויט" האָסטו געוווּסט!
אַך, בלויז „איין טויט" האָסטו געוווּסט — ניט מער.
און ווידער?...
אַזאַ הייליקער, ווי דו, אַך, דניאל, דניאל,
האָסט דאָך געקאָנט האָפן אויף אַזוי פיל ווונדער
פון וועלכע איך בין שוין לאַנג פון זיי באַרויבט — —
אַך, דניאל, דניאל,
געשען איז אַזוינס, צווישן די לייבן מיט דיר,
וואָס אין אַ גרויסשטאָט מיט מענטשן
קאָן קיינמאָל ניט געשען מיט מיר,
קאָן קיינמאָל ניט, אַך, דניאל, דניאל,
דניאל, מיר איז פיל ערגער פון דיר, דניאל!
איך בין מיט מענטשן אַרומגערינגלט — ניט מיט לייבן
מיט מענטשן! — אַך, דניאל, דניאל,
מיר איז פיל ערגער פון דיר.
אַך, דניאל, דניאל —
דיינע לייבן האָבן באַוויזן אַ נס בולט — שאַרף
וואָס מיט מענטשן קאָן עס ניט געשען...
פאַרבלייב איך אַ פאַרחלומטער ווי דו, דניאל,
מיטן יידישן חלום אַקעגן יעדער טראַף — — —

# ווערטער

אוי, ווערטער, ווערטער, ווערטער שרעקט מיך נים!
איר באַפאַלט דאָך מיך ווי גזלנים אין וואַלד שרייענדיק:
אַהער גיב דיין פאַרמעג! אַרוים מיט די ממתקים!
אַ, ווערטער ווערטער ברוטאַלע, איך ציטער פאַר אייך!
נאַט, נעמט אייך מיין האַרץ; מיין געביין דאָס יידישע!
אָט איז פאַר אייך דאָס גאַנצע פאַרמעגן — מיין נשמה — —
מיטן יידישן חלום — אַקעגן.

# מכתם ליידיש

גוט מאָרגן דיר, שײנער ייִדיש מײנער.
טו װיסנזײַן, אַז נאָר פּאָעטן ליבן דיך
דורך־און־דורך און זעלבסט געטרײַ.

זײ פֿלעכטן אײַן אין דיר גראַמען־צעפּעלעך,
מאַכן דיר די שענסטע געדאַנקען־לעקעלעך
און מאָלן אױס לעבעדיקע עפּעלעך
אױף דײַנע ייִדישע בעקעלעך.

אָ, שײנער ייִדיש מײנער, האַרציקער.
דײַנע טאַטע־מאַמע, ס'פֿאָלק דײַנס,
הפקרדיק טוט דיך געבערן און פֿאַרמערן, —
פּונקט אַזױ פֿאַרלאָזט עס דיך.

איך באַװוּנדער דײַן געדולד אין דיר;
בעת מע פֿראַסקעט דיך אין בײדע באַקן.
די װאָס האָבן ערשטע טראָפּן מילך פֿון דײַן ברוסט געזױגן,
שטעלסטו נאָך פֿאַר זײ דײַן פּלײצע אונטער אױף פּראָצענטן...
אַלע גױיִשע געטער מעגן זיך פֿון דיר לערנען אַל־די־גוטסקײטן.

אָ, ייִדיש! שײנע, גוטע מאַמע,
איך האָב אַ װיטמאַנישע תּאװה צו דײַן װערטערדיקן טראַכט!
אַלע דײַנע פֿאַסיקלעך, רינגעלעך, שפּיציקע קעפּעלעך רײצן מיך.

ייִדיש־גורל ביטערער! װער האָט ניט געזינדיקט קעגן דיר?
אָבער קײנמאָל ניט אױף אַ מינדסטן חלק די מיטצײַטלער מײנע.
זײ האָבן דיך דערבליקט מיט דײַן שײנקײט דער פֿולער,
דערהױבן דײַן נאָענטקײט אױף װײַטסטער װײַט.

זיי האָבן פון דיר געמאַכט
דעם סאַמע ליכטיקסטן מיטן-טאָג.
**אין דיינע דלד אמות איז קיינעם ניט פינצטער...**
שרה בת טובימס זכות, לוי יצחקס און דעם בראַצלאַווערס
שטייען דיר פאַר אין אַלע תפוצות, אויך אין ישראל!
וויפל פאַרליבטע פּאָעטן וועלן נאָך זינגען
צו גרויסן דיך און גריסן דיך: גוט מאָרגן
שיינער יידיש מיינער, געלייטערטער —
דורך אַלע אונדזערע פּייערן — חלום!
דו נאָענטסטער, שיינענדיקער שטערן — יידיש — — — —

# יידישלאַנד

אויפן חורבן פון דער יידישער היים
וואָס גליווערט אונדז און פרעסט,
האָבן יונגע שוועלבעלעך, ליב,
געבויעט פאַר זיך אַ נעסט.

אין מיטן דעם פלייץ
פון כשופדיק ליכט אין דער „לופ״,
האָט זיך מיר פאַרבענקט
נאָך אונדזער יידישן שאָפן, —
געבענקט מיט אַן אומרויִק האַרץ
ווי צו קינדער פאַרלאָזטע.

צווישן טויזנטער ליכטער
מיט מאַגישן בלענד
בין איך, אַן אומגעריכטער,
צו אַלץ געוואָרן פרעמד,
ווי אין עקזאָטישע לענדער, —
ניט-היימיש אומגעבלאָנדזשעט
אין אַבליוויע פון פרעמדער סביבה.

און דער יידישער מענטש אין מיר
איז צערייצט געוואָרן ווי אַ וואָלקן
וואָס שווימט אַרויף אויף טרוקענער לופט;
ווי אַן אויפגעריסענע דאַמבע
האָט אָפּגעלאָזט די שטראָמען אין מיר.
כ׳בין געלאָפן צו זיך אַ היים
און מיט האַרצקלאַפּ אויפגעמאַכט די טיר
פון מיין יידישער וועלט מיטן הערלעכן גראַנד;

ס'האָט אַ שפּאַרגעטאָן אַ וואַרעמע סביבה צו מיר
פון יידישע ביכער — מיין יידישלאַנד.

דער שראַנק אַן אָנגעשטויסענער מיט ביכער
האָט זיך אויף מיר אַ לאָזגעטאָן מיט דורותדיקן כוח;
די ביכער פון די שאַפקעלעך זענען מיך באַפאַלן;
ביכער פון די פּאָליצעס האָבן מיך אַרומגערינגלט;
אויף די געזימסן פון די פענצטער לעם מיין געלעגער
ביכער, ביכער, אַ וועלט פון ביכער, —
אַ ביכער-וועלט האָט אָנגעקוועלט
און צעשאַלט אין אַ בלעטערדיקן כאָר
דעם כוח פון יידיש-גייסטיקן דור נאָך דור.

אויף מיין שרייבטיש, ווי אַ טשערעפּאַכע,
ליגט דער ציקלאָפּעדיע ווערטערבוך
אין אַ סטרופּעוואַטן קראָקאָדיל אימיטאַציע געבונדן;
ליגט ווי אַן אוילקוואַל, שטיל און טונקל;
אויף אים ליגן אַנדערע ווערטערביכער,
לעקסיקאָן-ביכלעך וואָס פאַרמירן אַ קיאָסק —
דאָס געשטאַלטיקטע וואָרטגעטורעם פון דורות,
דאָס חיות פון מיין דענקעוודיק פאָלק.

איך האָב אויפגעמאַכט בוך נאָך בוך,
ספר נאָך ספר געבלעטערט און גענישטערט
אין סידורים אַלטע, געצערטלט מיין זיידנס גמרא,
געגלעט מיין מאַמעס צאינה וראינה,
די תחינות פון שרה בת טובים געקושט
און זיך אָנגעזאַפּט מיט מאַמע, באָבעס טרערן;

געפליסטערט צו דער הגדה ליבשאַפט חנדלעך,
צוגעלייגט מיין אויער צו עברי-טייטש ספרימלעך
מיט דריבנע אותיות פון פאַרצייטן,
געוועלטיקט אין מוסר-ביכלעך,
געהויערט איבער בעל שם טוב-מעשהלעך
פול מיט מופתים, מיט קוואַליקן בטחון,
און לידער, לידער אונדזערע לידער-ביכער
פון מוט און קאַמף פאַר נאָענטע און ווייטע וועלטן,
פון געזאַנג און געדאַנק און טיפן געדענקען,
פון לויטער געלייטערטע רעיונות
וואָס פול זענען מיט געפייניקטע און תאווהדיקע וועגן;
פון גאָלע אותיות געציקלטע, געקינסטלטע
מיט ווינעטקעס, אַראַבעסקן און פליטערלעך
און גראַמען מיט שטראַמען און פינטעלעך, —
אוי, פינטעלעך, פאַרבאַרגענע יידישע סודות
מיט סימבאָלישע פינטעלעך, — נישט דערזאָגטקייטן.

מיינע אויגן האָבן געזויגן פון יעדער שורה,
מיינע פינגער האָבן געוואַנדערט צעשטראַלט
איבער יעדן ליכטיקן אות מיט זוניקער שיין,
מיינע ליפּן האָבן לעכצנדיק געקושט יעדע בלאַט,
און גרינגע, פריידיקע אויגנוואַסערלעך
האָבן זיך געגאָסן ווי זומערדיקער רעגנשפּריי.
דאָס געפילפולע האַרץ פון מיין פאָלק
האָט אַלץ איינגעזאַפּט געטריי

און פאַרבאָרגן מיין עלנד געוויין
צוזאַמען מיט אַלע תפילהדיקע טרערן
פון דורות פאַר דורות,
כדי געליימערט צו ווערן.

כ׳בין געגאַנגען מיט מיין פאָלק
טרעפּ אַרויף און טרעפּ אַראָפּ;
צו טיפקייט און צו ווייטקייט,
אין זיינע פאַרשידענע ווייטיקדיקע צייטן,
פון שטאָט צו שטאָט, פון אָרט צו אָרט;
איבער לענדער פילע געוואַנדערט
און געוואָגלט מיטן וואָרט פון וואָרט, —
דער געדאַנק פון גערעדנקען
איז דורכן יידישן הארץ אויסגעחלומט
און דערהויבן איבער אַלע געדאַנקען:

אויף די שלאַכטן ביי דער וואָלגע,
אין וואַרשעווער געטאָ,
האָט דאָס לעבן פאַרגעסן אינעם טויט...

אָט אויך אַזוי איז אונדזער יידיש שאַפן;
דאָס פילגלגולדיקע פאָלקסוואָרט — יידישלאַנד.
סע האָט פאַרגעסן אַז סע גייט אונטער,
און ס׳איז אַרומגערינגלט מיט אונטערגאַנג
און האַלט דאָך אין איין שאַפן אַלץ נייע באַשאַפן,
פון וווּנדער איבער וווּנדער — אַן אייגענעם וווּנדער.

אָ, מע דאַרף זיין גבורהדיק אין ניינצן פינף און פערציק
כדי איבערלעבן די יידישע זיגן איבערן היטלערישן שונא.

פֿאַרוואָר, ס'איז וווּנדער איבער וווּנדער
אַט דער אייגענער קוואַליקער וווּנדער:
זיך דערהויבן — אַן אָדלער איבער שלענג —
שוואַרצע, גרינע און ברוינע.
אָ, דו צעשטערט יידישלאַנד פֿון אָרום מיט אָרומען;
אוי, יידיש וואָרט, דו בלוטיק מויל פֿון דורות אומעטומען.

אויפֿן חורבן פֿון דער יידישער היים
וואָס גליווערט אונדז און פֿרעסט,
האָבן יונגע שוועלבעלעך, ליב,
געבויעט פֿאַר זיך אַ נעסט.

# שטערנדיק לשון אויף יידיש לשון

א

דער ים הוידעט זיך אין וויגעוודיקער, קאַפּריזנער שפּיל
און זיין כעס פאַלט אויפן אָנגעלאָף פון צעהיצטע מענטשן
מיט די בלענדיקע אויטאָס צעגלאָצט קעגן רוימיקן מויל;
איך אין דער מיט צוויטשער מיין טראַכטן — אַ מידלאָזע גריל

כוואַליעס שפּרינגען גאַרנדיק צו גאַר דער הייך
און צעשיטן זיך צוריק אין שטויביקע שניישטורעמס;
זייער זאַלצווייסקייט פלאַטערט שנייאיק, לופטיק-ווייך
און קומט מיט יעדער כוואַליע ווייטווייסיק צעשיינט.

אַלץ איז צעשפּרייט ווי דאָס סטעפּישע זאַמד לעם ים.
איך? אַן אינעווייניקסטער פערז מיט טאָפּלטן גראַם.

ב

אָוונט דעמערט. עס ברענט אַלץ וואָס דער הימל האָט געמאָלן;
צווישן די ערשטע שטערן יאָגן זיך צוויי ווי אַ פּסוק —:
לוצקי וואָלט זאָגן: יינגל-שטערן אַנטלויפט פון טאַטע-שטערן...
לויפנדיק פאַלן זיי אין בראַנד אויף בלויקייט אין טאָלן.

איך טראַכט פאַרן ים, פאַרן זאַמד און שטערן — אומסופיקע סאַליעס.
כ׳בין ווי דאָס שלעפּפערד מיט מיין טראַכטן געשפּאַנט אין אַ שלייע;
כ׳בין דער טאָם-טאָם וואָס צעטראָגט דעם ריטם פון ימיקע כוואַליעס,
כאָטש איך אַליין ליג אוודאי דעם ים נישט אין דער לינקער פּאה...

צווישן זאַמד, ים און שטערן ליג איך שוין לאַנג דערטרענקען;
מיינע רעיונות קערן זיך פון בראַנד אין דער בלויקייט צוריק;
זיי זענען אַן דאָרטן און אַן דאָען אין טיפן פאַרבענקען.
איך זע ווי שטערנדיק לשון מיט יידישן — בויען די יידישע בריק...

אַלץ איז צעשפּרייט ווי דאָס סטעפּישע זאַמד לעם ים.
איך? דער מיטלסטער פּערז מיט מיין יידישן חלום — אַ גראַם.

# יידיש-ליבשאַפט, אייגענע

אָהער גיב דיין יידיש-רייצנדיק מויל,
איידער די פלאַמען דיינע נעמען מיך פאַרהילן.
איבער דעם ערשטן קוש דיינעם, די הייסע קויל,
וועל איך שווין, דיין לעצטן, קיינמאָל ניט פילן...

ביים איין מיינע ליפּן מיט שטאַרקסטן געבים,
כ׳בין פאַרפולט מיט ערשטלינג-תאווה;
וואָרים אומענדלעך איז דער הילך פונעם פריידיקן רים
בעת מיינע צוואַנציק, זייענדיק, אויך אין פערציק.
מיר — אַלץ נאָך די יונגע און פאַרבלייבן אַזוי געווים.
טאָ פלעכט אַרום דיינע אָרעמס און האַלדז מיך
מיט יענעם ציטער פון סאַמע ערשטן דערקען, —
ביי די צוואַנציק-פערציק אַזוי ביי זעכציק!
גאָרנישט קאָן מיך אָפּטיילן פון דיין וואַרעמען דיך.
זאָל די גאַנצע וועלט אין איר וואַנזין-ברען
זען ווי מיר זענען אין אונדזער ליבשאַפט מעכטיק!

פאַרוואָר, דו האָסט באַוויזן צו האָבן קרעפטיק
די פּרוכפּערדיקסטע מענער-טאַטעס אַרום זיך
און זין — געשטאַרקטערע — פול ליבשאַפט העפטיק,
נאָך איינגעליבטערט מער אין דיין ליבשאַפט-יידיש-דיך!
אָט זע דעם באַוויז ביים אָנהייב פון מיינע זעכציק:
איך שטעל אונטער פאַר דיר מיין צעגליטן קאָפּ
אונטער דעם קאַלטן פלומפּ פון צוואַנציקטהאַלבן הונדערט
און ווער עס וויל — נעם פּאָמפּ! פּאָמפּ, גים קאַלטס!
ווייל וואָס קאָן דען אָפּלעשן מיך פון דיר — יידיש-גלידיש?

אָ, זאָג! ווי קאָן מען אין דיר ניט זיין פאַרוווּנדערט
און ניט אויסגיין נאָך דיר ביים זינגען לידיש?

אָ, כוח דורותדיקער מיט יידיש וואָרט פון אַלע שטענדיקן!
ווען איך וועל אַמאָל זיך דאַרפן פאַרענדיקן,
זאָל מען ביי מיין גסיסה אָן איינציק יידישע שורה
צו מיין נאָז צולייגן; כ'וועל אַ געשטאַרקטער זיך דערפילן
און ווי אַ יונגער לייב פול מיט פרייד זיך צעברילן...

דעריבער, יידיש-ליבשאַפט אייגענע:

אהער גיב דיין יידיש-רייצנדיק מויל
איידער די פלאַמען דיינע נעמען מיך פאַרהילן;
איבער דעם ערשטן קוש דיינעם, די הייסע קויל,
וועל איך, דיין לעצטן, שוין קיינמאָל ניט פילן...

## אונטערן יידישן דאַך

אונטערן יידישן דאַך
שטייען מענטשן אַ סך;
די הענט צו דער הויך האַלטן זיי,
אויף מאַמע־לשון — שרייען זיי:
געוואַלד! „אַן אָלדאָפּ" אויף אונדזער יידיש־שפּראַך!

באַהיט און באַשירעמט פון אַלדעמבייזן
איז דער ווערעמנס ליפּן נאָר יידיש באַרירט.
ער ווערט אויף דער וואָר דאָס קלאָר
ווייסע ציגעלע־מיגעלע וואָס שפּאַצירט
פון לאַנד צו לאַנד, הין און קריק,
אויף אונדזער פּאַפּירענער בריק;
סיי ווען ער איז נעבעך וואָכיק־וואַך
און סיי ווען ער חלומט דעם שבתדיקן חלום
אונטערן היימישן, יידישן דאַך...

באַהיט און באַשירעמט פון אַלדעמבייזן
איז דער ווערעמנס ליפּן י י ד י ש באַרירט...

•

## די פאַפּירענע בריק — יידיש

אותיות, איר יידישע אותיות
רינגלט מיך אַרום, איר יידישע אותיות — פעסטונג מיינע.
שטאַרק, שטאַרקער! אַ, קלאַמערט זיך איין אין מיר!
ביז בלוט! שניידט זיך איין אין מיין געביין —
בדיעבד! ביז — ביז בדמיך חיי...

## זייגער... יידיש...

אַלע אותיות חלומען דעם גרויסן נס, כאָטש זיי דרייען גיך
די געשלייפטע ווערטער וואָס מאָלן קערנער יידיש.
עס טראַכט אונדזער וועלט-לשון לעצטאָנגעיאָגטע גרוילן פיל,
פאַריאָכט געדאַנקענקנוילן אויף וואָלקנדיקע שיך:
...שוין צייט מאַכן שבת... דער גילדענער בעכער אויף קידוש
איז פול און גרייט — זאָל איך? זאָל איך?

יאָ! ווערט ביי זיך דאָס פאָלקלשון האָפּערדיק
און גאַרטלט זיך אַרום די לענדן מיט נחת-רוחדיקע לידעראַלן
אַזש דאָס גאַנצע אינגעווייד ווערט שבתדיק צעברומט;
נאָר גאָר פּלוצעם, טאַקע ראַפּטום, אַ ווילד בראַזגעדיק קנאַלן:
אַ מאַוימדיק געשריי פון גורלדיקן ס'קאָצל קומט!
אַזוי אומגעריכט פאַלט אַריין די וואַכע וואָכעדיקייט —
אַ בייזע קאָץ קאָץ מיט הונגעריקע קעצלעך וואָס מיאַווקען...
די נעמלעכע וואָכיקייט פרעגט העזהדיק פאַרשייט און פאַרשמייעט:
„ווי שפּעט איז ביי דיר אויף דער וועלט"?
אַלאַ משלי שלמה ענטפערט אונדזער פייערלעך לשון:
„אויף איר, דער פאַרגאַווערטער, איז חושך מצרים!
ביי אונדז איז ערשט נאָך האַלב... זייגער יידיש"...

## רעגנדיקער יידיש

חצותיקע שעה.
איבער מיר אָט דאָ,
אָן מאָס, אָן שיעור,
האָט זיך אַ רעגן פון אותיות צעוויים;
אַ קוויטיקער בליט
וואָס ציט זיך און ציט
ווי אַ קאָלירוקער טיש געגרייט.

דער רעגן בלענדיקט און שנייט
מיט יידישע אותיות געקרומט און געדרייט;
ער וועקט און ער רעגט און ער שמעקט;
אַ מתיקותדיקע וואַרעמקייט לעקט
מיין שטערן, רינט איבער מיינע אויגן און באַקן;
אויף מיין קאָפּ און אַראָפּ צום האַלדזנאַקן.
איך שוועב אין רעגן ווי נחס תיבה
און ווער אַליין דאָס געבער אַזויווי
אותיות אין גילגולדיקע געשטאַלטן;
איך פלאַטער צווישן די שריפטלעכע געוואַלטן
אַ בליענדיק פליעכץ דורך זייער געשאַלטן.

דער רעגן — אַ געווויסער שוין;
שווענקט אַרום דורות דור נאָך דור
און איך — אות — ווער צייט אין וואָרער וואָר;
רעגנדיקער יידיש אין רעלאַטיוון גאָר,
וואָס ווייט און דרייט אַ געזיי געוואָרפן און געזייט;
ס'לעבן פון די אותיות געשטאַלטיקט זיך לאַנג און ברייט,
זיי באַשאַפן זיך אַרום מיט כלערליי יידישן געלאף:

אַט פון די לוחות, אַט פון חומש און פון דער גמראס דף;
אַט פון מגילות, תחינות, בענטשערלעך און הגדות:
פון מוסר־ספרים, פּאַרמעטן, מחזורים מיט עברי־טייטש חידוש;
אַלץ רעגנט אַריין אין היינטצייטיקן יידיש.

אָ, דו ציטערדיקע, חצותיקע שעה;
ווען דער הימל ליגט צעשאָטן
מיט די שטערן אינעם טיפן בלאָ —
אַ וואָגן איבערגעקערט אין זעעוודיקער וואָר
מיט יידיש צעבראָכן גלאָז פינקלדיק צעזאָטן.
דאָן טראָפּנט אויף מיר, דאָס פינקלדיקע, קאַפּ נאָך קאַפּ
ביים סאַמע אָנקום מיט שטילע טריט פון קאַיאָר...
איך בלייב ליגן אַ צעמויליקטע שוואָם
אויפן געשוואָלענעם דנאָ פון פאָלקישן תהום
און זאַפּ איין דעם רעגנדיקן יידיש זאַפּ נאָך זאַפּ!
ס'ווערט אוים רעגן. בלויז חצותיקע שעה.
דאָס יידישע אויף מיר, דאָס פינקלדיקע, קאַפּ נאָך קאַפּ
טריפט טראָפּ נאָך טראָפּ; קלאַפּט קלאַפּ נאָך קלאַפּ;
זיין דופק פּייקלט צו — ס'איז רעגנדיקער יידיש!
זיינע טראָפּנס דערקוויקן אונדז צוזאַמען און — יחידיש.

## תחינה־יידיש

(לייענענדיק אַן אַלטע תחינה פון שרה בת־טובים)

דו פילבאַריק האַרץ פון אַלע געדריקטע הערצער.
כ׳לייג מיינס, דאָס געשוואָרטע, פאַר דיין יידיש־תפילהדיק מויל,
וואָס געטרייסט האָט און דעם ווי געלינדערט די לעכצער, —
באַלעבט אַן אויסגעלאָשענע, טויטע, אין אַ גליאיקער קויל.

אומרויִק און פאַרקלעמט איז מיין האַרץ דאָס צעקרעלטע;
כ׳וואַנדער אַרום דערמיט ווי אַ פאַרקיילטע לבנה געפרערן...
כ׳פאַל צו צום לויטערן, פרומען טייך מיט וואַרעמע, מוטערלעכע טרערן.
און עס בלויזן זיך אָפּ וועלטן, ס׳מאַכן זיך אויף ספערן פאַרשטעלטע.

אָ, שרה בת טובים, דו ליבשאַפט מאַמעשי, אין באַשערן;
ביסט דאָס שם־המפורשדיק שליסעלע צו אַלע באַשווערטע הערצער
וואָס אָנגעפּראָפּט ווי כמאַרעס זענען, מיט גוס פון רעגן־טרערן, —
צעעפנטע הערצער־לאָגלען מיט אָפּגעשרויפטע שטערצער.

אין טעמנע, וויסטע שעהן פון אונדזער טערפקע פאַלקסלעבן
האָבן יידישע מאַמעס, יתומים, דינסטמיידלעך און יידן פראָסטע
צום פלאַם פון דיין תחינהדיק שעפּטשען־און־זאָגן זיך אָפּגעגעבן, —
ווי דער בלאָז־זאַק אין קוזניע דעם קוואַרץ באַפונקען האָסטו...

יאָ, דו האַרצבאַגריסערין מיט דיין תחינהדיק לשון דערוועגן,
איך גיי אַרוים איצט אויף דיינע טרייסטנדיקע שטעגן, —
די משפחהדיקע שליאַכן וואָס פירן צו די גרויסע שנירן,
ביים דערשפּירן אין בלויזן אָנרירן דאָס קליינטשיקע טירעלע

פון דיין באַווּיליקט געצעלט וואָס פול איז מיט מוטערלעכער זעליקייט.
יאָ, שרה בת טובים, עס פֿאַלט כורעים, אין לויטערע קינדערשע געפילן,
אַ צעבעטשעטער מאַנצביל וואָס לאָקערט, אין געטרייסטער פאָרכטיקייט,
נאָכן טראָט פון דיינע פּאַנטאָפל אויף יידיש־הייליקע דילן....

## יום — יידיש

(מיט לויבווירטיקייט מלך ראַוויטשן)

איך געדענק דאָס שרייבן פון מיינע לידער.
זיי זענען צו מיר געקומען — פלאַמטאַציעס
פון אומשטענדן און געדריקטע צייטן;
כ'האָב זיך מיינע געוויסע סימנים און אַסאָציאַציעס:
איינס געדענק איך איז געקומען אין מאָדנעם געשלידער
ווען איך האָב געוואַשן מיין געליבטערס העמד;
זינט דאַן, ווען איך וואַש וועש,
פלאַמען־אויף ווי פונקען נאָכן פאַרלעש
די וויי־געבערן פון יענעם ליד; ס'אַנט מיין זין
וויפל שעה איך האָב געשוואַנגערט מיטן ליד,
מיט וויפל ווערטער איך האָב זיך געראַנגלט
און פערזן, ווי רעקרוטלעך, מושטירט אַהער־אַהין.

אַ צווייטס געדענק איך איז אָנגערעגט געוואָרן
ווען איך האָב אויף דיוויזשיאָן גאַס,
אין דער שטאָט שיקאַגע, געזען ווי אַ פּאָליציייער
האָט געשאָסן אַ געפאַלן פערד אין סאַמע ווייסן רעדעלע אריין
וואָס אויפן מוח; שנעל צעעפּנט האָט דער מאַרך אַ בליציק טירעלע;
אַ גאַלאָפּירטער טאַבון, פּאָלקיש פערד, אַרויס איז הוילע פּאַרע.
געיאָגט זיך מיט ברענענדיקע גריוועס ביז די שקיעה האָט אַ וואַרע
אין האָריזאָנט צעשפּילט, זי איינציקוויים געצויגן — אַ שנירעלע...

אַ דריטס, ווען איך האָב געבאַקן ראַזאָווע ברויט
און צום ערשטן מאָל געקאָכט אַ ק ר אַ מיט שפּרוט;

אַט דאָס ליד האָב איך געטראָגן אין זיך
אַ קימא־לן פון עטלעכע ברויזיקע מינוט —
אַרום און אַרום ז׳דאָס „געקעכץ״ אַרויסגעקומען גוט.

אַ פערטע, ווען אַן אַלטע תחינה פון שרה בת טובים
(אין סאַמע מיט פון וויכערדיקן פייער־קרייז)
איז צווישן ברענענדיקע שמות אַ סטאָס געוואָרן
דורך מיין האַנט אַרויסגעצויגן פון די פלאַמען;
כ׳בין אַוועק אין הומבאָלט פּאַרק און די תחינה געזאָגט.
הויך אויפן קול מיט די פייגל צוגלייך; באַניים
די שמחה אין האַנט דערהויבן פעסט;
אַן איינציק זיגרייכע פאָן פון ישראלס נצחון!
באמת! אַט אַזוי־אָ, האָב איך די תחינה געזאָגט:
הויך אויפן קול מיט די אינסעקטן באַגלייך —
די פלעמלדיקע ווערימלעך זיך אויפגעוועקט ניט סתם
און אַרוים פונעם פילוועלטיקן אונטערערדישן רייך.

איר גלויבט מיר צי ניט, מיך אַרט נישט אייערע רייד;
אַבי מיינע באָבעס און מומעס זענען געקומען
פון אַלע ווייטע העקן צו זיין מיט מיר צוזאַמען;
געלייגט מיך אַ באַרוט קינד אין וויגל פון טאַטע מאַמען.
מאַטעסל. מאַטעסל. רופט מיך די באָבע עני.
איך גורט זיך אָן מיט משפחהדיקער פרייד
און ענטפער איר אָפּ געענדיקט: הנני!

און איצטערט־אָ אפילו, צי ווען ס׳זאָל ניט זיין,
בשעת איך זאָג די דאָזיקע געראַטעוועטע תחינה
וואָס אַרויסגעצויגן האָב פון די שטאַרקע פלאַמען,
זאָג איך זי פּאַמעלעך, שטיל און מיט אַן אָפּן הארץ;

אָט ווי שרה בת טובים וואָלט זי זאָגן
מיט גינציקייט און מיט גרוים קלאָגן
פאַרן ווייבער-פאָלק, די זעליקע מוטערלעכע שטאַמען;
צי גאָר ווי די שאָפּענע למד וואָוון,
די פאַרבאָרגענע, נידריקע גראָזן די שטילע; —
הערט איר ס׳מעג זיך זיין אין וואָכיקן,
שקלאַפּישן מאָנטיק דעם בלאָוון
וואָס פאַררוגזהט און פאַרכּעסט
און ס׳ווערט מענטש קעגן מענטש אַ מחיצה-שאַנד,
איז ווי גלייך מ׳טוט די ווייבערישע תּפילה
זאָגן, (ניט ווי איך וואָלט געלייענט אַ ליד
מיט שטורעם, מיט זשעסט און מיט האַסט — חלילה!)
ווערן אַלע צרות פונעם לעבן פאַרבלאָסט...
די יידישע דורות פון אַלע ווייטן און לאַנד,
קומען ווי קעמלען געלאָדן מיט לאָגלען, מיט לידער
ווי קרובים צו קרובים — שבת צו גאַסט.

די תּחינה, געזיכערט, פּעסט אין מיין האַנט;
זי — די אַרויסגעצויגענע — לייען איך פאַר זיי;
לייען אוים-איר: לייען, לייען און זאָג
מיט אַ העשען ווי דאָס הישען פון די בייזע פייערן;
אָט יענע צונגען וואָס געשלונגען מיט דער פלאַמיקסטער שׂנאה
כאַטש טוקן און בוקן געמוזט זיך פאַרן יידישן מלכות-ווייי
(פון אונטער די העלישע אויוונס, די מאַידאַנעק-שייערן)
ווען אַרויסגעקומען זענען פאָרט אַלע יידן אויף דער פּאַפּירענער בינע
צו באַגריסן די ניט-פאַרברענטע אַלטע תּחינה, —
זיי הערן זיך איין אין איר ווי אין די לעבעדיקע יאָרן
ווען אַלע האָבן חיי-געלעבט מיטן עברי-טייטש לשון;

וואָס האָט זיי אָנגעקניפּט אין די שווערסטע יידישע יאָכן
און מיט די חנען פון אַלע **תנ"כישע** וואָרן
האָבן זיי דעם שבת באַזעצט אינעם סאַמע אָרעמאַנסקע מיטן
פונעם באַטריבטן האַרץ — דעם יידישן אינדערוואָכן...

איי, אַ גאַנץ פאָלק האָט איבער דעם אַלעם געשוויצט;
ערשט איצט, איז עברי-טייטש, שבת, לשון — שטורעמדיקסטער פויקער!
טאָ וואָס איז אַזוי דער סקאַנדאַל קומט? דער חידוש?
דער בת-קול פון דער פאָלקישער פּראַצע דונערט און בליצט:
ויהי ערב, ויהי בוקר!
יום — — — יידיש!

# דו, דו, דו...

דו, מיין יידישיסטישער וואָרטעל!
מיט יעדן צייטלעכן שוידעראל,
עפנסטו אויף אַ נייעם פּאָרטאַל.

פונעם אַלערשטן פאַנאַנדערפאַל
ביזן לעצטשייטערדיקן כּף־הקל
טראָגסטו טרייסט צו מיר פון איבעראַל.

דו, מיין איינציקער יחוסדיקער מוזיקאַל;
ביסט דאָס ריטשקעלע, דער וואַסערפאַל;
דער ברוויזיקער ים, דער שטילער קוואַל.

דו, מיין לעצטער יידישער נאַכטיגאַל...

# מיין מאַמע און דער ווילנער גאון

איבער מיין שרייבטיש איז געהאַנגען אַ בילד ;
דאָס רעמל אין בלאַטפּאָרמאַט ווי אַ גראָב תהילימל —
אַ צייכענונג פונעם ווילנער גאונס קלוג־שטרענג פּנים.
ער האָט אַראָפּגעקוקט מיט זיין שאַרפקאַלטער גאונות
צו מיין שרייבן און געמוחט : ראשית חכמה — וואָרט־אחריות.
האָב איך אַרויסגענומען זיין שטרענג פּנים פונעם רעמל
און אַריינגעזעצט דאָס צאַרטע פּנים פון מיין מאַמען.
פילט זיך מיין האַרץ ביים שרייבן היימיש, פריי — אַ חיות.
אָבער נאָכדעם, ווען איך לייען איבער מיין כתב־יד,
פענטעט מיך צוריק דעם ווילנער גאונס שטרענגע אחריות.

## דו, מיט דיין מאַט־קיל פּנים...

דו, מיט דיין מאַט־קיל פּנים,
מיט דיין ברענענדיקן אָטעם —
וועלטן צוויי — אייביקע שונאים.

מיינע ליפּן ווילן אָנרירן, אָנצאָל,
די אויבערדעק פון דיין הויט,
ביים זעען דיך אַזויפיל מאָל
לעבעדיק, פאַר מיין געלעגער שטיין,
ווי דעם בוראָם דינער — דער טויט.

דו, מיט דיין מאַט־קיל פּנים,
דו, מיט דיין ברענענדיקן אָטעם.

## צו הערשל גרינשפּאַן

כ׳ווין ניט ווען אַלע פעלקער איצט וויינען
נאָר זינג צו גאָט וואָס זיין וואָרט איז אַ וואָרט.
האָט ער דען ניט געוואָרנט אונדז מיט ניינען?
צי ניט פאַרגעזאָגט אונדז אין יעדן וואָרט?

אויב אַלדאָס-בייז זיינס האָט א ו נ ד ז געשלאָגן;
פרייט מיך דערום וואָס אויך אַזוי האָט געטראָפן
די פעלקער, ווי גאָט האָט געטין זאָגן —
איצט איז גרינגער מיר אויף דערלייזונג האָפן.

אַ, ציטער דו איצט, נאַצישער פעלקעראָל,
ווייל מקוים ווערט דער געטלעכער וואָרטאָל.

# מיינע לייענער...

מיינע לייענער זענען מיט גרויע קעפּ;
ניטאָ צווישן זיי קיין בלאָנדהאָריקע —
זיי ציילן זיך פון פופציקיאָריקע
און העכער נאָך — זיידע־באָבע יאָרן־טרעפּ.
די אייניקלעך וועלן קיין יידיש ניט קענען.

מיינע לייענער זענען זיידע־באָבע מענטשן;
כאָטש אָן תהילימלעך און אָן צאינה־וראינהם,
אָ, וואָרטשאַפּט פון דורות! צום לייענער גענען עס:
זאָל ער אַליין כאָטש אויך אַביסעלע טאָן בענטשן
די פילגעצאַנקטע יידישריידליכט וואָס ברענען.

# מיין האַנט (בעתן שווימען)

איך מאַך אויף מיינע אויגן אינעם גלאָזאַרטיקן וואַסעררוים
און זע מיין האַנט שווימען פאָרויס-מיר ווי אַ באַשעפעניש.
כ׳קוק אויף איר ווי איך וואָלט זי צום ערשטן מאָל געזען
אין מיין אייגענעם לעבן — ס׳אַראַ מאָדנע גלויביקייט אין איר.
מיין אָטעם שפּרינגט אַרויף אין בולבעס ווי לעבעדיקע נאָטן
און איך טראַכט גלאָזיכטיק מיט אונטערוואַסער ימיקע געדאַנקשאַפטן:

ווי אַזוי וואָלט מען געלייגט תּפילין אין אַזאַ וואַסער-וועלט?
ס׳אַראַ סאָרט שיסקייטן וואָלטן מיר געשאָסן אויף אונדזער זעלבסטקייט?
און דער נביא וואָלט געווים געוויינט מיט טרוקעניש: אוי, איר פּישפּעלקער!
איך זינג ווייל איך זע מיין האַנט, גאָט ברוך הוא, שווימען אויבן.

# איך — לייב

איך האָב אויסגעשטרעקט מיינע הענט אויפן שרייבטיש,
ווי אַ לייב זיינע לאַפּעס, פאָרויס, זיי אויסגעצויגן.
פּאַפּיר און טינט מיט צעקרישלטע, בלוטיקע ווערטער,
אָנגעהויפנט ווי אין סטויגן אין דער גרעסטער גערעטעניש,
נאָר מיין געמיט, מיט לויערגעפיל פאַרפולט, איז אומרויִק.

דערפאַר זאָל קיינער ניט וואגן איצט מיין אָנוועזנהייט טשעפּען,
אָדער פּרוּוון אָנרירן אַ שורה, אַ וואָרט צי אפילו גאָר אַן אות;
כ׳וואָלט צערייצט און פאַרצווייפלט אַרויפגעשפּרונגען אויף אים
ווי אַ הונגעריקע חיה, גרייט בלוטדורשטיק פאַרצוקן, —
פאַרוואָר, כ׳בין מיטן וואָרט נאָך ניט באַרוט, נישט אָנגעזעטיקט.

# אַ קרישטאָלגעשליפענע וואַזע

אַ קרישטאָלגעשליפענע וואַזע ליגט צעבראָכן,
געבראַכט האָט אויף יום טוב זי די מי פּאַר עולם הזה.
אין סאַמע טומלקייט פון אונדזער אינדערוואָכן
האָט זי אויסגעחלומט די אידעאַל־יידישע פּראַזע.

צעגאָסן פליסט דער אַלטער, האַרבער וויין
וואָס טוט ציען קלוגע יידיש־דורותדיקע רייד:
פאַר דאָ און פאַר דאָרט — פאַרן גאַנצן וועלטזיין —
ווער קאָן עס אונדז גיבן דעם עכטן באַשייד?

אַ קרישטאָלגעשליפענע וואַזע אונדזער דימענטדיקער יידיש,
ווייזט מען עס צום יידנפאָלק — קוקט עס ווי אויף אַ חידוש.

## סוף פון אַ לענגער ליד

איך זע יידן, צעשראָקענע, באַבערדעטע יידן.
אַ טייל גייען, אַ טייל פאָרן, אַ טייל לויפן ;
קיין זיצנדיקן זע איך ניט,
און פאַר אַביסעלע אָפּרו טוען זיי אַ פאַל
צווייפלהאַפטיק : ווען מען נאָך אויפשטיין ?

גאָט שליאָנדערט אַרום ווי אַ תּם
צווישן די יידן לעם די ערדישבלוטיקע וויגן ;
ער ווייסט ניט צי זאָל ער וועקן די יידן
צי אָפּטרייבן פון זיי די בייזע, גיפטיקע פליגן.

אָ, ווי שווער ס'איז צו זיין היינטיקע צייטן אַ גאָט.

# יעזוס — מיין פעטער דוד

לעם מיין געלעגער הענגט צוגענאָגלט יעזוסעם צעקאַליעטשעט אָפּבילד.
זיין קאָפּ איז מיט אַ ניי דערנערקרענצל — גויאישע טייטש־ווערטער;
דאָס האָט די וועלט, היינטצייטלעך, אָנגעטאָן איר יידנגאָט.
עס טראָגט זעקס אויפשריפטן: „אומגלויבן, היפּאָקריטסטווע,
ציניזם, מאַטעריאַליזם, קאָמפּראָמיס און פּוסטער ריטואַל״.

מיט די ווונדן לעם צעקנייטשטן בערדל און אָפּגעצערטן קלויזניק־פּנים
איז ער ענלעך צו מיין פעטער דוד דעם פּאָגראָם־קדוש.
אַ סך מאָל פרעג איך אַ ווייטיקדיקן שמועס מיטן געפיניקטן ה א ר:
צו וואָס האָט דיר געטויגט ווערן אַ יסורימדיקער אָפּגאָט ביי זיי?
ביז ווילאַנג וועסטו וויקן אין אַלע גרוילן, פעטער דוד מיינער?

# דער פּאָעט אַליין ווייסט מער

דער פּאָעט אַליין ווייסט מער פון אַלע אַז דער ייד „קערט" גאָרניט פאַר יידיש;
פאַרקערט, דערפאַר אַקערט ער אַזוי זיין ליד ריין-איכיק — יחידיש.

אַ סך יידן „קערן" פאַר יידיש בלויז צוליב בידנעם האַנדל.
דער פּאָעט וויל עס פאַרצוקערן אין זיין אייגענעם פאַרוואַנדל.

פאַראַן אַזאַ ייד וואָס „קערט" ניט צו פאַרקערן אין יידיש — ס'איז נול.
דער פּאָעט וויל רק פאַרמערן צובאַקערן דעם ייד-יידן, פאַרפול.

צי זענט איר יידן אויסן אויף פרעמד זיך איבערקוליען אינגאַנצן?
און מיט גויאישן „קער" זיך אַ קער טאָן צו די לעצטע שאַנצן?

געוואַלד יידן, גענוג שוין אויפהערן קערן-וועלטן צו „קערן",
נאָר קוקן שטאָלץ און מיט ליבשאַפט צום יסוד פון אייגענעם קרן...

# דער אייביקער בחור־הזעצער

אָ, דו מיין איינציק יידיש וואָרט, מיין לעצטער אָריענטאַל.
דער שריפטזעצער האָט אויפגעזעצט אַ גרוילשאַפט־מאָדערן ליד
און רוּיק, מייסטעריש־צופרידן געקוקט אויפן לעבלעכן מעטאַל.
ער האָט זיין פאַרוואָלקנטע האַנט זעגלען געלאָזט איידל און מיד
איבער די שאַרפע בלייאיקע ציינדלעך מיט בערג און טאָלן
און מיט זיין גאַנצער איכשאַפט פאַרטיפט געווען אינעם ווערק.
ער האָט עס געגלעט, קיל געבלאָזן דעם בליישטויב ווי וואָלן
מיט דער גרעסטער פאַרזיכט פון אַ יחוסדיקן פאַרמיטלער.
ער האָט גאָרניט געטראַכט אַז ער צערטלט אַ גרייז, אַ צווערק:
אָנשטאָט מענטש, האָט דער ליניאָטיפּאָגראַף אויפגעזעצט — היטלער...

## אייביקייט

נעם אויף מיין געדאַנק,
ייד פון דער צוקונפט;
כ׳רעד צו דיר דורכגעלעבטע רייד:
שרעק זיך ניט פאַרן טויט,
מיר זענען געשטאָרבן פאַר דיר אין די מיליאָנען!

ריר אָקערשט אָן מיט דיינע פינגער די אותיות
און דו וועסט דערפילן די לעבנס-בריק אונדזערע
איבער וועלכע יידישע דורות גייען איינע צו די אַנדערע
דורך פאַרשטאַנד; דורך מחשבה און פאַרשטאַנד;
האַלט זיך אָן אין פאַרשטאַנד — ס׳איז די אייביקייט — — —

## גאָט און וואָרט

אין דער מענטשהייטס קינדער־יאָרן האָט גאָט גערעדט צו איר
אויפן וואָרט מיטן וואָרט, דורכן וואָרט צום וואָרט — מענטש:
זאָל עס גאַנץ פרי פאַרשטאַנען ווערן וואָס איך רעד צו דיר.
הער, פאַרנעם חושימדיק דאָס איינציק־וואָרטאָווּנע וואָרט פון מיר,
און זע, ווי זריעה וועט עס זיך אין אַ וואָרטאַל צעוואַקסן אָן שיעור.

האָט דער מענטש מיט נשתומם זיינע אויגן אויסגעוואַשן אַפריער
און נאָכדעם ערשט — די אויערן: נעשה ונשמע, נישטויג נישפּלויג.
אַלץ קאַפּויר. איז גאָטס רחמנות מיטן וואָרט געווען פּאָטערלעך אָט דאָ,
און אומגעהויער רעדן גענומען מיט הימלישע פאַרבן צום מענטשנס אויג
אינעם פרימאָרגנדיקן אויפגאַנג און אין פאַרנאַכטיקער אָפּגאַנג־שעה.

## צום יידישן חלום אַקעגן

איך וועל אַרויפגיין
אויפן באַרג המוריה
און זיך לייגן, לייגן
צווישן זיין היגלדיק געשטיין;
זאָל דער וואָס האָט מיך געשטאַלטיקט
צונעמען צוריק מיין געביין.

זיין וועט עס פּאַר מיין מידער נשמה
דער קירצסטער וועג אַהין אַוועקצוגיין,
זיך אַנידערצושטעלן — אַ פּוס-בענקעלע
פאַרן סאַמע כסא-הכבוד אַליין, אַליין, אַליין.
זאָל דער וואָס האָט מיך געשטאַלטיקט
צונעמען צוריק מיין געביין.

איך וועל אַרויפגיין
אויפן באַרג המוריה
און זיך לייגן, לייגן, לייגן
צווישע זיין היגלדיק געשטיין,
צום יידישן חלום אַקעגן.

## די מעכטיקע פעלדזן פון דער וועלט
## רעדן צום קליינעם שטיינדעלע פון ישראל

טוריסטן וואָס ציען זיך קיין ישראל, דער יונגער ציון!
זייט וויסן, אַז ביים ערשטן דרייטאָן אייער פוס
אויף אַ קליין שטיינדעלע זאָלט איר זיך ניט כעסן;

אדרבא, ס'איז אַ זכיה פאַר אייך ווי פאַר אונדז צו דערמאָנען:
דאָס שטיינדעלע איז אַן אור-אור-אייניקל
פון די בית-המקדש טרעפּ, אַ קרובל צום פּאַסטעך דוד'ס שטיינדעלע.

אָ, דערמאָנט זיך אין די טראַגישע שטיינער פונעם גלות!
זיי זענען געפאַלן טאָג-טעגלעך אויף יידישע קעפּ!

די פאַרשנייעטע פעלזן פון די אַלפּן וויינען;
די שטיינער פון אַלע פעלזן זענען פול מיט קנאה
צו דעם קליינטשיקן אור-אור-אייניקל, אבן אבנים,
פון די גדולי הדור, די סיני-שטיינער, כרמל-שטיינער,
וואָס האָבן זוכה געווען אַז זייערס אַ געדעכעניש
זאָל ליגן בלייבן אינעם הייסן ישראל-זאַמד זינט אברהמען
ביזן היינטיקן טאָג פון מפא"י, מפ"ם — אַ צדיק-שטיינדעלע!

די פעלדזן פון דער גאָרער וועלט וויינען און קלאָגן:
מיר האָבן אַזוינס ניט זוכה געווען, ווי צו אונדזער שטיינעריי,
אונדזערע אור-אור-אייניקלעך זענען שטיינער-רשעים,
אַוועק פון אונדז אויף אַלע שלעכטע וועגן פון אייראָפּע,
וווּ יידן האָבן געוווינט און אויף זייערע קעפּ געפאַלן;
וואָס פאַר אַ נחת איז עס פאַר אונדז אויף דער וועלט?!

אונדזערע אור־אור־אייניקלעך זענען קאַלטע רוצחים!
בלוט פון יידישע קינדערלעך איז אויף זיי פאַרטרוקנט!
דערימעך טוען מיר אוים בושה אונדזערע קעפּ צודעקן מיט שניי...
אַ, קליין שטיינדעלע פון ישראל; מיר זענען דיך מקנא שטאַרק.
מיר, די מעכטיקע פעלזן, אַלפּן־בערג, קאַווקאַזער בערג, די ראָקים,
זענען טויזנט מאָל נעבעכדיק קעגן דיר, קליין שטיינדעלע!
קעגן דיין שטאָלצן, ריינעם אָפּשטאַם און זעלאַטישן יחוס!
ווער וויים צי מיר וועלן ווען דערלעבן אונדזערם אַ גליד־
גליד־גליד־שטיינדעלע זאָל זיך קייקלען אין זון־זאַמד ישראלס.

אַ גרויסער גאָט, פאַרשעם ניט דאָס שטיינערנע האַרץ פון די פעלדזן!
אינעם טאָג פון רעכנשאַפט, רעכן עס ניט צו צו אונדזערע זינד;
מיר זענען דאָך נישט מער ווי נישטיקע פעלדזן, נישטיקע...
דערבאַרעם זיך אויף אונדזער קליינוואַרג, די גלות־שטיינער,
וואָס פון אונדזער אָפּשטאַם קומען זיי און אונדזער מעכטיקייט
געמאַכט האָבן זיי צו קליינשטיינערדיקן בזיון...

טוריסטן וואָס ציען זיך קיין ישראל, די יונגע ציון;
ביים ערשטן דרייטאָן אייער פוס איבער אַ קליין שטיינדעלע,
כעסט זיך ניט, בייגט זיך אָן און טוליעט עס צו צו אייערע ליפּן.
לערנט זיך פון אונדז, די מעכטיקע פעלדזן,
וואָס האָבן אַזוינס ניט זוכה געווען
און באַהאַלטן מוזן מיר אונדזערע קעפּ
אונטערן דאַך פון שניי — — —
אונטערן דאַך פון אייביקן שניי.

## אברהם, יצחק און יעקבס קינדער...

צו מיינע אור, אור, אוראייניקלעכס
קינדס קינדער און צו זייערע
אור-אור-אייניקלעכס קינדער.

ווער וועלן זיי זיין?

און צי וועלן מיר נאָך אָנגערופן ווערן אייגענע?
צי וועלן מיר נאָך זיין בלוטפאַרוואַנדטע?

וואָס פאַר אַ שייכות וועלן זיי האָבן מיט מיר?
איז צו-וואָס מיין איצטיק טראַכטן וועגן זיי
אַז זיי וועלן דאָך ניט זיין מיינע, —
נאָר ישראלס קינדער; דעם פאָלק ישראלס קינדער
פון אברהם, יצחק און יעקב, — זייערע וועלן זיי זיין...
די קינדער פון די אָבות, ווי איך און מיינע ברידער;
דאָס פאָלק, הייסט עס, וועלן זיי זיין.
ווען פאָלק ישראל פון אַמאָל ווערט אוים,
ווערט עס פאָלק ישראל פון איצט;
און ווען פאָלק ישראל פון איצט ווערט אוים,
ווערט עס פאָלק ישראל פון מאָרגנדיקע מאָרגנס, —
פון דער אייביקייטס צוקונפט.

צו מיינע אור, אור, אוראייניקלעכס
קינדס קינדער און צו זייערע
אור, אור, אוראייניקלעכס קינדער, —
מיין יידישער גרוס צו אייך.

עס שיקט אייך שלום עליכם
אַן אַמאָליקער זיידע, זיידעס זיידע.
מיין טראַכט פון גאָלע טראַכטשאַפטן, —
אַן אַמאָליק, לאַנגמאָליק טראַכטן וועגן אייך:
קינדער מיינע, קינדס קינדער פון מיינע אוראייניקלעך
וואָס זענען שוין ניט מיינע
נאָר אברהם, יצחק און יעקבס קינדער, —
דאָס פאָלק ישראל פון מאָרגנדיקע מאָרגנס;
פאַרנעמט מיין וויטיק פון מיין וויטיק טראַכטן:
איך גרים אייך, יידישע קינדער מיינע, —
תמידיק פאָלק ישראל פון דער אייביקייטס צוקונפט.
גליקלעכער פון מאַטעסעס קינדער
וועט איר שוין דעמלט געווים — גליקלעך זיין.

## ווען מיין גאָט איז אַ רעאַלער

כ׳וואָלט זיך מיט אים אויסגעטענהט
אויג אויף אויג מיט מיין פּנימדיק גרימאַס
אין מיין ערגסטן צאָרן און גרעסטן כעס.
איך וואָלט אים אויסגעפּליקט זיין גרויסע באָרד,
געדריגעט מיט די פּיס אים ווי שאָף אַ האָרד,
איך וואָלט אים געפּאַטשט איבער די באַקן,
די ביינער אים צעלאָמעט און צעקנאַקן
ביז זיין הויט וואָלט ניט געבליבן טרוקן;
אָט אַזוי געהאַקט וואָלט איך זיין רוקן
און געהרגעט אים אין סאַמע מיט פון זיין בויך
אַז געוואָרן וואָלט פון אים אַש און רויך.
(ווי פון זיין אויסדערוויילט פאָלק ישראל אין די קרעמאַטאָריעס).
כ׳וואָלט אים צעבראָכן און צו דער ערד אַ שליידערגעטאָן
ווי אברהם די אָפּגעטלעך פאַרן געץ, דעם סטיבון.

אָבער, ס׳איז מיין גאָט ניט קיין רעאַלער;
בין איך שטיל, דולדיק, ניט קיין פּאַטאַלער;
איך שרייב אים אַ בריוועלע אַ שיינס:
אחד, אחד מי יודע? ווער ווייסט איינס?
איך שיק עס אים אָפּ אויפן ווינט, —
אויף אַלף־בית־פּונק וואָס צעצינדט
אויפגעגאַנגענע וועלטן אין מיר
און איך לעש זיי מיטן ווייסן פּאַפּיר.

ווערט ווײַס מײַן נשמה און מײַן געמיט,
וואָרים ווו איך בין איז גאָט אין דערמיט.
און ווײַל איך זע אים ניט צומאָלס, דעם יש,
ווי להבדיל אַ געץ פון בראָנז צי מעש,
גאַר איך ערשט, אין גאָלע ציטערניש, טאָג און נאַכט,
צו זען אין אלף־בית כאָטש זײַנס אָן אָפּגעדאַכט.
נאָר רוח איז מײַן גאָט, רוח איבער מאַטעריע געשטיגן;
קאָן איך זיך מיט אים ניט שלאָגן, אַפילו ניט קריגן...

# פאָלק און ערד — אלף־בית פון קיום

א

די ערד זאַפּט איין אין זיך
אַלע וואַסערן און שלאַקסן;
אַלע טויען און בלוטן —
אַרוים שיקט זי אַלדאָס וואַקסן.

פאָלק זאַפּט איין אינעם בוזעם
אַלע לערעס, אַלע חלומות און חלן,
אַלע שירים און תפילות —
דעם שלל ביטערקייט פון גלותדיקע גאַלן.

משה האָט די יידן אַריינגעפירט קיין מואב; פון שפּיץ פסגה
זיין בליק געווירעט ארץ ישראל פון ראַנד צו ראַנד,
נאָר אים אַליין ניט באַשערט געווען, מיט איין טראָט,
אָנצורירן דעם באָדן פונעם צוגעזאָגטן לאַנד.

אָ, וויפל פון די קינדער משהס, חיימס,
בערלעך, שמערלעך פון דער צייט (די מענטש־פּרעסערקע)
און די שוועסטערס חנהס, רבקהס און חוהס,
האָבן יאָ זוכה געווען צו באַטרעטן די ערד ישראלס?

נאָר אַ טייל לייגן זיך געמוזט אין־איר־אַריין, יונג און שטאָלץ,
אָן אַ קוש, ווי משהן אויפן באַרג, נבו, איז געווען באַשערט?
אוי, וויפל איז דאָ פּיין אין אָט־דער אויסדערווײלטקייט?
און וויפל איז דאָ פרייד אין אָט־דעם גורלס רעכט?

װען פֿאָלק װערט ערד, ערד, ערד!
צי גאָר — רױך! טאָקע רױך, רױך — הימלדיק רױך...
דערפֿאַר אפֿשר שפּאַצירט עס אַרום אין דער הױך?
אַ פֿאָלק צװישן די מזלות שטערן — פֿון אֵין־סוף דער כּוח...

דאָרט װוּ דער אלף װערט איך, אָנכי;
דער בחיר היצורים פֿון אַלע שכלדיקע אײביקײטס־זאָרגן...
דער בית — אין אַלװעלט פֿאַרקנאָטן — קאָסמיש ברױט.
דער למד — לײַב פֿאַרן אומענדלעכן צדקדיקן מאָרגן!

ב

װוּ קומט אַהין אַזױפֿיל װעלט־חכמה?
אַזױפֿיל דורותדיק געדולד פֿון — נו? נו?
די טרערן, געזאַנג און געלעכטער —
די פּאָעזיע פֿון רו און פֿון אומרו?

אַלץ פֿליסט שיקזאַליק אינעם פֿאָלק אַרײַן;
ס׳װערט פֿאָלק־װערטל, פֿאָלקס־טאַט ליכטיק העל;
ביז אַ ראַסן־חכמה װערט בדמיך חיי — זײַן!
אין הױטשטריכן פֿון װאָרט, פֿון צעל און זעל...

אָ ייִד! װוּנדער־װאַנדער־שפּראָצונג־מין;
קינד פֿון אַלװעלטיקע אָבות און אימהות־שטאַם;
מאַרטירערשע עמבלעם אינעם גורל פֿון נביאישן זין.
ייִדיש פֿאָלק דו. אױסגעװײלטקײט דורך רױך און פֿלאַם...

ביסט פון אַמאָל, פון איצט און פון ווייטער,
דער באַשטאַנדטייל פון פעלקער-געבורטן; די שטים;
דאָס געבאָט און סיום פאַר נייע, ממשותדיקע וועלטן!
מיין פאָלק; מיין ערד! — אלף-בית פון אייביקן קיום.

## מיין עשירות

איך בין דער ייד פון געדאַנק;
איך דאַרף בלויז האָבן פאַר זיך
אַ ווייסן בויגן פּאַפּיר
און עס ווערט אַ ליד —
אַ טראַכטן־און־זאָגן.
טאַקע ווייל איך בין אַ ייד
וואָס שוואַנגערשאַפטיק גרוים קלאָגן
אין מיינע בעסטע פאַרטאָגן
פון דער איינציק־לאַנגער נאַכט.

כ׳בין דער ייד פון געדאַנק —
דאָס געטראַכט, דער געדאַכט
וואָס דאַרף ווערן אין קלערן
ווי אַן ערב פּסחדיק קנאָספּ אויפגעמאַכט.

פּאַפּיר, דו ווייסער פּאַפּיר,
דו ביסט אַלץ צו מיר:
ברויט, ליכט, מוזיק, און מערער נאָך —
אַן אָפּן האַרץ אויף אַ פולער וואָך,
אַ יידיש האַרץ, אַ יידיש.
איך דאַנק און איך לויב
פאַר מיין יידיש האַרץ.
ס׳איז אַלץ וואָס איך האָב,
אַלץ וואָס מיינע אבות האָבן געהאַט
און וואָס מיינע קינדער האָבן.

איך בין דער ייד פון געדאַנק —
איין טראָפּן ליכט פון שטערן
ווערט מיין שיכּורדיק געטראַנק.

# מאַמע־ערד — מײַן פאָלק ישראל

(ב. ריווקינען, דעם באַרוטגעוואָרענעם באַאומרויקער)

מאַמע־ערד, ביסט מיר אייגן,
ביסט מיר ליב און טייער און ציטערדיק נאָענט —
ביסט מיין עליו־השלומדיקע מחנות יידן,
אַ שטיקעלע ערד — מיינע זיידעס.
אַ קייקעלע ערד — מיינע באָבעס.
אַ קרישקעלע ערד — אַ מומעלע.
אַ שטויבעלע ערד — אַ פעטערל.
אַ לאָפּעטע ערד — אַ דור, אַ גאַנצער דור.

אוי, מאַמע־ערד, ביסט מיין עליו־השלומדיקע מחנות יידן,
אין דיר וואַקסן זיי,
אויף דיר שפּראָצן זיי,
וואָס איך עס פון דיר —
(טייערע מאַמע־ערד מיינע),
איז אַ זיידעלע, א באבעלע,
אַ מאַמעלע, אַ פעטערל, —
אוי, ערד, ביסט מיין עליו־השלומדיקע מחנות יידן.

דו ביסט די אָפּגעגאַנגענע דורות און דורות,
די אַלדאָ געוועזענע דורות און שבטים און פעלקער און שטאַמען,
אין דיר זענען זיי פאַרערדעוועט געוואָרן
און אייביקן תמיד אַריין פון גאָלע מחשבה,
געדאַנק וואָס איז די חכמת פרטית בלויז.

ווען איך נעם אַ גרודע ערד אין מיין פויסט
גרייף איך אָן גאָר די מענטשהייט
פון אַמאָליקן מאָל-מאָל-מיליאָן-טריליאָניקע פעלקערשאַפטן.
עס אָטעמט, עס צאַפּלט, עס בלוטיקט, עס זאַפּטיקט,
עס וויינט און עס לאַכט און עס רעדט און עס שרייט:
קינד מיינס: מאַטעסל, לייג מיך צו צו דיינע ליפּן,
איך גאָר און איך האָר מיט מוטערלעכע בענקשאַפטן
אַז מיין שטויבעלע, מיין ציטערדיק קרישקעלע,
זאָל בשלום צוריקקערן צו מיין בוזעם ווו אַלע קינדער מיינע
רוען אין איין שטענדיקער פרידלעכער רו, —
לייג זיך צו צו מיר, לייג זיך צו — — —

אָ, דו ליבע, נאָענטע מאַמע-ערד מיינע,
פאַרוואָר, דו אַליין נאָר ביסט עס די סאַמע אייביקע מענטשהייט.
װאָס פאַר אַ געוויקסל איך זאָל ניט עסן פון דיר,
עס איך לעבן-און-מענטש —
מיינע זיידעס און באָבעס.
מיין עליו-השלומדיקע מחנות יידן.

מיט דער מאַמע-ערד אין זיך לעבט אַלץ אין מיר,
מיט זיך אין דער מאַמע-ערד
בלייבט אַ רעטעניש די פאַרחתמעטע אייביקייט.
אָט-דאָס, מענטש, איז דיין היים,
די געזיכערסטע ווינשאַפט וואָס ניט אַוועקרויבן
קאָן זי עמיצער און ניט — צעשטערן.

ס'איז דיין אייביקייט, מענטש, און דיין ממשותדיקער אמת
אין דער מאַמע־ערדישער רו,
רו מיטן גאַנצן אַלבאַנאַנד פון צוריקגעקומענע
נאָך רו צו רו — אויף גאָלע רו. רו. רו.

•

# פלאַם פון מיין שטאַם

נישט דער ברענענדיקער נישט־פאַרברענטער דאָרן־בוש —
דער לעצטער שמע־ישראל קוש
ברענט און ווערט נישט פאַרברענט.

דאָס ביסטו דאָך, וואָרט פון מיין אומה ;
שווימסט אַרום אין די ימען,
רייטסט אַרום אויף די פלאַמען,
שרייסט אַרויס פון די גרונטן
צוזאַמען מיט אַלע מיינע שטאַמען.

נישט דער ברענענדיקער נישט־פאַרברענטער דאָרן־בוש —
דער לעצטער שמע־ישראל קוש
ברענט און ווערט נישט פאַרברענט.

דאָס ביסטו דאָך, וואָרט — פאַרבלוטיקטע קטורות ;
ביסט אונדזערע מעכטיקסטע שיפן,
אונדזערע רעכטיקסטע עראָפּלאַנען ;
ביסט דאָס בענטש־ליכט,
דאָס מעסט־ליכט פון דורות.

נישט דער ברענענדיקער נישט־פאַרברענטער דאָרן־בוש —
דער לעצטער שמע־ישראל קוש
ברענט און ווערט נישט פאַרברענט.

וואָרט, דו, נעם דעם שטאַם־געדאַנק,
דעם סתם־געדאַנק און סם־געדאַנק,

דעם ים־געדאַנק און פלאַם־געדאַנק,
דעם טעם־געדאַנק און כאַם־געדאַנק.
נעם, וואָרט, דעם אַטאָם. אַטאָם. אַטאָם־געדאַנק
און פאַראַנדערש, לטובת וועלט — באַניי אים...
דו, צעבלוטיקט־פאַרבלאָטיקט פלאַטערדיק וואָרט, דו;
דו ברענענדיקער עץ־החיים!

נישט דער ברענענדיקער נישט־פאַרברענטער דאָרן־בוש —
דער לעצטער שמע־ישראל קוש
ברענט און ווערט נישט פאַרברענט.

און אימערפול, און עמערפול אין דעמערפול,
וועסטו, וואָרט, טראַגיש טראָגן אויף זיך
דעם פאַרלענד פון ישראלס פילע ריפּן;
די קרעמאַטאָריע־פייערן וועלן אין דיין
יידיש־וואָרטיקן־דיך
לעבן אייביק ווי אַ מזוזהדיקער מוֹז;
ווייל זיי האָבן געהאַט דעם טרייפענעם זכות אָנצורירן דיך
יידיש וואָרט, מיט זייערע סאַרפעדיקע ליפּן.

נישט דער ברענענדיקער נישט־פאַרברענטער דאָרן־בוש —
דער לעצטער שמע־ישראל קוש
ברענט און ווערט נישט פאַרברענט.

דאָס ביסטו דאָך וואָרט פון אונדזער יידישדיק אַלגעבערן!
פון ממרא, פון גושן, פון אַלע לאַגערן, דער שטאַרקער ווילן;
דו, מדבר און באַרג־סיני־שרייערייען; דו, פלאַטער־פלאַם
פאַרן אייביקן לעבן! ביסט ווי פייערדיקע תפילין
אָנגעקלאַפּט אויף אונדזער האַנט און שטערן!

דו פלאַם פון מיין שטאַם!
דאָס ביסטו דאָך יידיש וואָרט
וואָס טראָגט אין זיך
דעם ים־געדאַנק, און פלאַם־געדאַנק,
דעם שטאַם־געדאַנק און טעם־געדאַנק פון חידוש;
דו, צעבלוטיקט־פאַרבלאָטיקט פלאַטערדיק וואָרט דו!
דו ברענענדיקער עץ־החיים פון אונדזער פאָלקסמאַמע יידיש.

## אייביקער ייד

דאָרן און פלאַם — פאָלק מיינס,
ווי אַ דאָרן ביסטו אַלעמען אין די אויגן;
אַלעמאָל, אימערמאָל און שטענדיקמאָל.
ווי אַ פלאַם פלאַקערסטו שרפהדיק אין אַלע צייטן —
נישט אויסברענען קאָן מען דיך
וואָרום דעם צינדערס האַנט איז קורץ
און דו? אומאויסראָטבאַר, אומפאַרטיליקבאַר
אויף דער אדומשער, בראַנדישער וועלט.

אדום וועט דיך אויסהרגענען ביזן מינדסטן
און דיך ניט אויסוואָרצלען פון דער וועלט.
אַזוי איז עס בעשיינפערלעך געבאָטנגעוואָרן:
ישראלס זאָמען זאָל זיך יידישן ביזן לעולם ועד, —
ס'איז ניט קיין טרייסטשאַפט-ווּנטש,
ס'איז דער וועלט פון לאַנג שוין אַנטפּלעקט:
נישט דער שייטערהויפן, די אינקוויזיציע-באַנק,
נישט פּאָגראָמען צי אַסימילאַציע —
מיט גוטן אָדער מיט בייזן —
מיר זענען אומאומברענגלעך.
מיר זענען פאַרחברט צום דאָרן און פלאַם
ווי אַן אייביקער זיווג;
ניט דער דאָרן ווערט פאַרברענט
און ניט דאָס פייערפלאַם — אויסגעלאָשן.
ס'איז אַ געטלעכער ירושה-אַקט
צווישן ייד און אֵינסופלעכקייט — אַ פאַקט.

אדום! אדום! דו וועסט געהרגעט ווערן,
פּאַרלייזיקט ווערן אויף די מלחמה-סטעפּעס,
וועסט מיט זיך באַמיסטיקן אַלע ערדן —
פאַר דיין פינצטערדיק אומוויסן און סאָלדאַטסקער גאווה;
און דאָרטן ווו דו וועסט פוילן דאָס געפויל פון שלעכטס,
וועלן יידישע מחנות אויפשטיין
מיטן יידישן חלום אַקעגן;
זיך דערהייבן צו העכערע שטאַנדן איבעראַל.
נישט ווייל זיי ווילן עס אַזוי,
נאָר דאָס אינפיניטיווע לעבן וויל אַזאַ רעכנשאַפט.

הער, אדום! און דו אויך, עמלק, זאָלסט עס הערכן!
מיר זענען שוין ניט-געווען אין מצרים,
אין בבל, פערסיע, רוים, שפאַניע; שוין ניט-געווען;
און איצט — דויטשלאַנד — גלייך ניט-געווען אונדז.
אָבער וויפל קוילן עס טרעפן דיך פון אונדזערע?
און וויפל שפּראָצונגען גייען-אויף, יידישע,
איבער דיין לייב-באַמיסטיקונג?
סטאַלינגראַד האָט דעם ענטפער דיר געגעבן!
לענינגראַד, מאָסקווע, רזשעוו, ראָסטאָוו —
אַ זעקסטל פון דער ערד האָט דעם ענטפער פאַר דיר.
דניאל, מיין זון, האָט די יידישע ענטפערס צעבליצט
איבער דיין קרימינאַלן קאָפּ און נאַצישן טמא-געביין!
נאָר אפשר ווילסטו גאָר אויסראָטן די לופט?
מיר זענען די לופט!

צי אפשר ווילסטו גאָר אויסמעקן די זון?
מיר זענען די זון!
אָדער ווילסטו אפשר גאָר גאָט טויטן?
מיר זענען לופט, זון און — גאָט...

ווען פעניקס דערציילט זיך בלויז אַ לעגענדע,
אָבער מיר זענען דער יידישער פאַקט:
אין אונדזער אונטערגאַנג גייען מיר אויף.
און ווייל מיר ווייסן דאָס אַזוי קערנדיק,
האָבן מיר קיינמאָל ניט געגלויבט אין אַרמייען,
(כאָטש מיר האָבן געהאָלפן פאַרמערן כלערליי מחנות).
אונדזער אייגענער שויץ איז אינעם סנהדרישן פלאַם, —
אָט־אָ־דאָ קאָנען מיר זינגען דאָס ליד פון מוט,
פון נסיון; אַ ליד פון טויט וואָס שמעקט מיט לעבן;
יעדער ייד קאָן עס זינגען און זינגט עס!
עס ווערט געזונגען פון יידישע קינדער
אין די וויגן, אין די צעפליקטע מאַמעשע בייכער — — —

אָ, דאָרן און פלאַם — פאָלק מיינס.
דיינס אַ פּאָעט וואָס האָט ניט געווידמעט
קיין ליד צום טויט פאַרן ג ר ו י ס ז י י ן פון טויט,
איז ווי אַן עקרה, צענמאָל נעבעך, —
זיין פּאָעטישער טראַכט איז פאַרשלאָסן
פאַר אַזאַ אוניווערסאַלן ווייטיק.

אָ, דאָרן און פלאַם — דיכטונג מיינע.
ווי גרויס איז דאָס
„זאַמל זיך איין, פאָלק, משה וויל צו דיר ריידן"
געווען אָט דאַן?

און איצטער?
נאָך וואַנדערן טויזנטער יאָרן אין פלאַמיקן מדבר,
קומען מיר אַכט און פערציק טויזנט שטאַרק,
מקבל פנים זיין מיכאָעלסן און פעפערן אין „פּאָלאָ גראַונדס"
ווען עס מיסטיקן ווידער די נאַצים, מיט זייערע לייבער,
די רוסישע ערד לעם קורסק, אָריאָל און בעלגאָראַד...
אָ, דאָרן און פלאַם — פאָלק מיינס.

ס'איז באַשיינפערלעך געבאָטנגעוואָרן:
זאָלסט אומאויסראָטבאַר זיין, אומפּאַרטיליקבאַר
און אומאומקומדיק זאָל זיין ישראלס זאָמען!

דאָרן און פלאַם — פאָלק מיינס!
דער טויט קוקט אויף דיר
ווי אויפן אייביקן קוואַל פון לעבן —
ס'איז ווערט צו שטאַרבן דערפאַר
אָן שום ערדישער מורא, בלויז צו וויסן
אַז דאָרן און פלאַם — מיינט אייביקער ייִד — — —
ער טראָגט צו דער וועלט
צוזאַמען מיט אַלע דורות
דעם ייִדישן חלום — אַקעגן!

## ליד, גאָט, ליד

היי׳ל מיך פון מיין לידקראַנקשאַפט נאָך ליד מיט ליד,
גיב מיר ניט די גאָב וואָס איך האָב אַליין
מיט אייגן שוויים און פּראַצע דערוואָרבן.
איך בין ניט הונגעריק; כ׳בין אפילו זאַט געניי;
כ׳בין ניט דורשטיק און האָב גענוג קליידער;
(כ׳וווין מיט עלעקטריש ליכט, מיט דאַמפבאַהייצונג).
טאָ וואָסזשע פאָרט הונגערט און דורשט מיך אַזוי
אַז ס׳איז מיר קאַלט און פינצטער כסדר?
אין שפּעטזייגערדיקע שעהען פון סליחותדיקע פאַרטאָגן
לעכץ איך און הונגער און דורשט נאָך דער פאַרזיכערטער
זיכערקייט וואָס וויל פאַר מיר ניט זיין גאַנצזיכער
און גיט מיר ניט קיין שום פרייהייט, אייגנפריי, זי טראָגן.

הער, מיין קול, וועלט-אויער.
דערזע מיך, וועלט-אויג.
נעם מיך אַרום, וועלט-אָרעם.
רעדסט דאָך צו מיר מיטן ליכט פון די וויטסטע שטערן;
דורך דער זון, וואָלקנס, רעגן, באַרג-און-טאָל;
אָפּענטפערן וויל איך דיר אויף מיין נידריק קול:
איך זע דיך, וועלט-אויג;
כאָטש מיין זעען איז אין וואַסער, ערד און סטויג;
אינעם ליים, שטיין, בוים און גראָז און מדבר-זאַמדן; —
זע איך דיך פאָרט, וועלט-אויג.
טאָ גיב מיר מיין ליד און די גאַנצקייט אין ליד
ווי דו גיסט דיין באַשייד מיט חכמה צום למדן.

אָ, וואָס גייט אָן אין מיר אַזאַ גרויס הונגער־געשלעגער?
ליד, גאָט, ליד — גלויבן מיינער! אומרויִקע זעל!
איך גיי אויס נאָך דיר, ליד, אויפן פלאַמיקן וואָרטגעלעגער.
טאָ ליג ניט פאַרטייעט אין מיר, פאַראַנקערט אין זיך;
בלייב ניט פאַרבאָרגן — אַ צעשראָקענער האָז אינעם קוסט.
זע, דער אומגערעדטער בויגן פאַפיר פאַלט־צו צו מיין דיך
אָפּנמויליק — אַ מלחמה־קינד וואָס זוכט דער מאַמעס ברוסט.
רעגנוואַסער, אַ פּראָסטע העמד, קאָרנברויט מיט אַ לעק זאַלץ,
דאָס אַלץ איז גענוג ווען דו ביסט מיט מיר, ליד.
אָ, ליד, מיין ליד — מיין פולקאָם אַלעראַלץ,
גאָט, קאָנסט טאָן מיט מיין מיין געביין ווי מיט איובס,
נאָר טשעפּע ניט מיין שפּראַך; לאָז מיר מיין ליד — — —

## ווען דער פּאָעט פֿאַרענדיקט אַ ליד

ער בלייבט פֿאַרמאַטערט — אַ פֿלאַטערל אין האָניק,
פֿונעם וואָרטשטרייט, גראַמבייט איז ער ווי אַ שיכּור מיד.
כאַטש אידייע קייעט אים שטאַרק ברוטאַל-צאַניק,
ווערט אים פֿאַרט אויפֿגעהייטערט זיין געמיט מיט ליד.

ער האָט דאָך געצאַמט די ווילנס פֿון זיך־מיך־איך,
צום געהאָרך פֿונעם בליציקן געהירנמאַרך.
זיין זעל האָט אַלצדינג טראַנספֿאָרמירט אין פֿילקייט גיך
אַז גוף צעטרייסלט איז, באַשווערט פֿון גרויסן קראַך.

ווי ווערט מען פֿאַר אַלץ-אַלעם ביז גאָר איינציק איינס,
אַז שיינען זאָל אות פֿול מיט גאָלן צוזאָג:
פֿעלקעראַל זאָל וויכטיקן אין דער ספֿערע — שיינס,
און ווערן זאָל, איינער פֿאַר צווייטן, אוים אָנקלאָג.

ווייסט, ווייסט. אָ, איר אַלע זאָלט וויסנזיין וויסן —
דער פּאָעט האָט פֿאַרטיק דאָס ליד פֿון ריין געזאַנג
וואָס זאָל סליחהדיק גרינגען אונדזער געוויסן
און אָפּוואַשן פֿון יעדן דאָס בייזע פֿאַרלאַנג.

אָ, ווי דער פּאָעט וואָלט אין מיטן גאַס אַצינד
געקייקלט זיך ליב אונטער יעדנס פֿוס און טראָט,
יעדן הונט וואָלט ער געהאַלדזט, געקושט ווי אַ קינד
און אויסגעפֿאָלגט, אין פֿול, די שווערסטע צען געבאָט.

עפּעס אַ טאַט פֿילט דער פּאָעט צוטאָן
ווען נאָר ער שרייבט, פֿאַרפֿול, זיין לידשאַפֿט אָן.

## דער פּאָעט אויפן בילד

דער פּאָעט אויפן געמעל זינגט ניט,
דענקט ניט און איז ניט באַגייסטערט
כאָטש ער איז אַ ממשותדיק שטיק רוח-הקודש.

זיין עקסטרעם לידער-בוך שטייט לעם זיין שונאס ;
אָט דער וואָס זינגט מיט חלב-עקסטאַז
וועגן אונדזער אָריגינעלקייט אויפן חרוסתדיק געביט, —
נאָר ביכער זענען ביכער — זיי ווייסן ניט פון שנאהשאַפט ;
זענען זיי צוגעטוליעט זייט צו זייט שטענדיק
אויף דער פּאָליצע און שווייגן
די מנוחהדיקע שטילקייט פון שלווהדיקער טאָלעראַנץ.

אַזוי צי אַנדערש, פונעם פּאַטום דרייט מען זיך ניט אויס ;
וואָרים וואָס איז דען אַ בוך מיט געדאַנקען ווען ס'איז רויִק
לעם זיין באַשעפערס שונא (דעם חלב-עקסטאַזניק)
און וואַרפט זיך ניט אַראָפּ פון דער פּאָליצע צו זעלבסטמאָרד
כדי ניט זיין צוגעטוליעט צו דער גאָרנישטקייט וואָס הייסט בוך ?

איז עס דערפאַר ווייל ביכער שטייען העכער פון מענטשן ?
איז עס דערפאַר ווייל מענטשן האָבן זיך נאָך ניט דערהויבן
צו דער פּאָליצע-הויכקייט פון ביכער וואָס דולדן זייערע שכנים ?
אַזוי צי אַנדערש, כ'וואָלט וועלן מיר זאָל באַשערט זיין
אָנצושרייבן אָט דאָס בוך וואָס וואָלט ניט וועלן איינשטיין רויִק
לעם אַ סך נישטיקע ביכער, — אַראָפּשטויסן זאָל עס זיי.

און אַט די מענטשן וואָס פאַרדינען געשלאָגנווערן מיט אמתדיקייט,
זאָל עס ביים לייענען פאַרכישופן מיטן וואָרט
דעם שלעכטן שכל אין זיי, און ווען נייטיק גאָר,
שטרענג זיין מיט די בלעטער און טאָוולען, —
זיי זאָלן שלאָגן גלייך איבערן פנים די בן־אדמס
פראַסקען איבערן פאַרשניטענעם צלם אלקים — — — —

## שרייבנדיק אַ ליד...

בעתן שרייבן אַ ליד,
האָב איך ליב אַ פענצטער זאָל זיין צעעפנט.
האָט דער ווינט זיך אַריינגעריסן
מיט זיינע מנחם-מענדלשע פּאָלעס און צעמישט די בויגנס פּאַפּיר.
האָב איך אַרויפגעלייגט, צום באַשווערן,
די וואַגיקסטע זאַך אויף מיין טיש, —
אַ קליין סידורל — אַ כל-בוניקל;
האָט דער צעדרייטער ווינט עס אַ שמעק-געטאָן
און כהרף-עין אַרויס צוריק דורכן פענצטער,
אַ שטילער, אַ פרומער, אַן איבערצייגטער מאמין —
צו די הימלען אַרויף מיט אַ געפּליסטער:

הערט נאָר צדיקים אין גן-עדן;
אַ יידישער פּאָעט איז געוואָרן אַ בעל-תשובה,
ער שיצט זיך קעגן מיר מיט אַ קליין סידורל.
ווען דער גן-עדן גלייבט אים ניט,
רייסט ער פון זיך וואָלקן-קריעס — האַרציקע שבועות
און ער ווערט ביים גן-עדן אַ נאמן:
אַז ער האָט אַליין געזען?!

יאָגט זיך דער ווינט איבער דער וועלט
צו דערציילן קינד און קייט,
פונעם יידישן שרייבער, דעם בעל-תשובה.
ער לויפט, ער יאָגט זיך — אַ פריידיקער ווינט!
אַ בשורהדיקער ווינט! אַ תכליתדיקער ווינט!
ער שרייבט אין זיין אייגענער צעווינטיקטער שריפט
אויף זיין (שטויניקן) אופן, אויף זיין רוימיקן אופן:

די וואָגיקייט פון אַ קליין סידורל, —
אַ כל־בוניקל פאַרהאַמעוועט ווינטיקע פּאָלעם
און לאָזט ניט טאָן קיין אומגערעכטע שפּילעכצן דעם ווינט
מיטן צעשראָקענעם פּאַפּיר פון אַ יידישן פּאָעט,
שרייבנדיק אַ היינטצייטיק ליד.
אדרבה און אדרבה: עס וואַקסט ווי אַ פינף־אָדערדיק שטענגל
פונעם ערדישן בויך אַרויס —
אַ יידיש בליענדיקע האַנט — — —
זי טראָגט דעם יידישן חלום — אַקעגן...

# העי, לייזער, אַראָפּנעם דיין היטל!

טאַקע אמת, ביסט ניט אַריינגעגאַנגען
צו קיין פּריַז אין אַ פּאַלאַץ —
אפילו ניט צו קיין באַנקירן־ברידער;
פּשוט, פאַר דיר ליגט אַ בוך מיטן טיטל:
„אַ זאַמלונג פון די נייסטע יידישע לידער".

העי, לייזער, איך זאָג דיר —
אַראָפּנעם דיין היטל!

ביסט שוין פון לאַנג דאָך אוים מנחם־מענדל,
טאָ וואָס־זשע איז דיין אייגענער קאָפּ דיר דערווידער?
קוקסט נאָך אַלץ אויף ווערטן אָן ציפער מיט ביטול — — —
סע איז ניט קיין תבואה? צי פלאַקס? צי אַ הענדל?
אפילו ניט קיין ספר! בלויז יידישע לידער אַ „בענדל".

העי, לייזער, איך זאָג דיר —
אַראָפּנעם דיין היטל!

פאַרשאַרץ דיינע אַרבל און דיכטע אייגענע לידער
(אויב האָסט נאָך ביז איצט ניט געדיכטעט בשתיקה),
ס'האָבן דאָך אַלע פּרובירט אָט דאָס „קונסט־רעגנדיק" מיטל:
די דינסטמויד, דער שוחט, דער דאָקטאָר — עקס־אָפּערייטער,
אפילו דער עקלדיקער אַסימילאַטאָר דער געניייטער.

העי, לייזער, איך זאָג דיר —
אַראָפּנעם דיין היטל!

אויב שוין יאָ צוגיין פשוט, ווי צו אַ „ביזנעס",
ביסטו דער כאַם, וואָס איז אַ מבין אויף קראָם ווי אַ פּריץ.
מיר גיבן שבועות דיר: גאָט, ווייב־און־קינד, באָרד־און־פּאות —
שעלטן דיך אינזיך, צי גאָר אויף טערקיש: „ליגצאינהייץ"!
שפּרעכן דיך אָפּ מיט פּושקינעץ, געטען, ציצעראָנען און צפרדע...

העי, לייזער, איך זאָג דיר —
אַראָפּנעם דיין היטל!

אין דיינע אויגן זענען מיר שאַנד־פלעקן, שנאָרער, פליאַסקעדריגעס,
טשוטשעלעך, אומגעבעטענע טעלערלעקער אויף חתונות פרעמדע;
פּאָנפּאַטשעס, פּאַיאַצן באַליידיקטע מיט אומגעלומפּערטע נעזער,
וואָס פּיקן אין דיין הויקער אריין, ווי פלאַמינגאָ־שנאָבלען.
ווער רופט אונדז? ווער דאַרף אונדז? אַ קלעזמער־כאַליאַסטרע
אין אייביקער ספירה.

העי, לייזער, איך זאָג דיר —
אַראָפּנעם דיין היטל!

ניט דו וועסט קויפן אונדזער ירושה און ניט מיר — זי פאַרקויפן.
מיר זענען בלויז צעשאָטענע, גליאיקע שטיינדלעך אַ הויפן;
אפילו ניט דאָס: דאַרע דיכטערלעך, שווינדזיכטיקע זינגער,
וואָס שפּייען מיט וועלט־בלוט דורך צעלעכערטע לונגען,
מיט ווערטער, וואָס שווינדלען ווי היפּנדיקע גראָז־שפּרינגער.

העי, לייזער, איך זאָג דיר —
אַראָפּנעם דיין היטל!

דאָס לעבן האָט אונדז געלערנט צו זיין אונדזערע אייגענע לייענער.
„ממזרים" פון אַ יחוס־פאָלק אָן אויטאָנאָמיע פאַר אייגענער „עברי".
ציץ־פּאַרקויפער, מעסטער, וועגער פון קעראָסין, בראָנפן און חזיר־האָר!
שונאים פון אַלץ, וואָס איז אייגנס! היישעריקן אויף פרעמדע קולטורן!
אָ, ווי וואָלט זיין צום גוי, וואָס וואָלט אייך אַזוי קאָמפּלימענטירן!

— העי, לייזער, איך זאָג דיר
אַראָפּנעם דיין היטל!

פּאָעזיע? אָ־אָ! ניטאָ אויף וואָס זיך צו באַקלאָגן! שערבלעך־קלעפּער,
וואָס שטעלן אוים אותיות — מאָזאַישע שטיינדעלעך אין ווערטער־קרייזלעך
שורהדיקע לעמפּעלעך יומטובדיקע, ביכעלעך — כישופדיקע רוימען;
טרובאַדורן, וואָס רייסן די צעכריפּעטע גאַרגלען אויף די העכסטע אָקטאַוועס,
מקובלים, וואָס זענען פּותר־חלום, ווי יוסף פּרעהן, דיינע אייגענע טרוימען.

— העי, לייזער, איך זאָג דיר
טו אָן דיין א י ג ע נ ע היטל...

# וואָרט מיינס, ליד מיינס

וואָרט, וואָס וואָלט איך געטאָן אָן דיר?
אין אַלע גראָבנס
ביסטו מיין לייטער,
איבער אַלע וואַסערן
ביסטו מיין בריק..

ליד, וואָס וואָלט איך געווען אָן דיר?
אַ מעסער־שניט אויפן קאַרק
ביי אַ גענגסטער־יונג —
רוי־בלוי־שלוי,
אַזוי וואָלט מיין לעבן
ווונדיק, אין וועלט אַריין.

דו, אַל־די ליבשאַפט; דו, מיין באַרוף —
וואָרט, הונגער נאָך ברויט און נאָך גוף.
איך קלעם איין
די ציין אין דיר
ביז מיינע ליפּן
צעשטעכן זיך
און בלייבן פאַרבלוטיקט
אויף דיין שאַרפער קאָרע.

ליד, וואָרהאַפטיק פעלד, וואַלד און וואַסער.
איך וויקל זיך איין
אין דיר מיט מיין גוף, —
ווי אין וואָלענע שאַלן
פאַרטראַכטע אינדיאַנער
אין ערב־נאַכטיקן מדבר.

וואָרט, ליד — טראָפּעזן שווינגענדיקע.
ווי אַ צערייצטע מאַלפּע
דראַפּע איך זיך אויף אייך.

וואָרט, ליד, שטייג מיינע אַרומרום מיר.
איך קלעטער פלינק
און פּראַל אַראָפּ.
שוועלבעלעך קומען צו פליען
און פּיקן, פּיקן פּיקן —
וואָרט, ליד, שטייג מיינע אַרומרום מיר.

## גאָט — ליד

וועןְ ליד גענענט צו מיר פלוצלינג,
הייב איך אָן אינגאַנצן צו ציטערן;
גלייך ווי איך וואָלט דאָס שטראָמיקע לייב
פון אַן אָפּגעשיילטן עלעקטרישן דראָט אָנגערירט;
איך ווער פאַרגליווערט ווי אַ מאַניאַק און שטיי
מיט פאַרגלאָצטע אויגן ווי אַ חולה נופל;
אַלץְ רייסט זיך אָפּ פון מיר צום אַרויספּלי
און צעשטעלט זיך אין אותיות ריי נאָך ריי.

נאָר ראַפּטום קרעמפּעוועט זיך גאָט איין
אין מיין האַנט, דער אויסגעשטרעקטער האַנט מיינער.
ער בלייבט ליגן שטיל, נאַקעט אויף מיין דלאָניע
און צאַפּלט ווי פייגללייב ביים ערשטן באַריר;
ווי אַ טאַטע מיט אַ קינד ליגט ער זאַלבענאַנד
מיט מיין פרישגעבאָרן ציטערדיק ליד.
כ׳ווער פאָטערדיק צאַרט און לייג פּאַוואָלינקע אַרויף
אַ גרינגן צודעק אויף זיי — אַ ווייסן בויגן פּאַפּיר.

## דיכטער — יעגער נאָך ברויט און נאָך ווערטער

דיכטער יידישע — בייזע און דאַרע,
פאַרפרעמדטע ביי אייגענע קינדער,
פריקרע אין די אייגענע היימען, —
דיכטער — יעגער נאָך ברויט און נאָך ווערטער.

דיכטער — דערצויגענע אויף האַס און רכילות,
פאַרביטערטע אויף דער אייגענער סביבה,
אויף קאָלעגן, אויף קריטיקער און לעזער, —
דיכטער — דערצויגענע אויף האַס און רכילות.

דיכטער — צעפרעסענע פון טאַדל און פאַרוואורף,
מיט נערוועזער התלהבות ביים רעדן
וועגן יידיש, וועגן דיכטונג און לעקסיק, —
דיכטער — צעפרעסענע פון טאַדל און פאַרוואורף.

דיכטער — שטרענגע שומרים פון אות, וואָרט און קאָמאַ,
פאַרביסענע פון דערווידערטן פאַלן און אויפשטייג,
אויפגעגאַנגענע אין לידער ווי אין נאַרקאָטיק, —
דיכטער — שטרענגע שומרים פון אות, וואָרט און קאָמאַ.

דיכטער יידישע — עקשנותדיק ווילן-וועלן-זיין-זין,
שטראָם וואָס טראָגט אָן איינציקער
די קלאַנגען פון ביתן, טיתן און קופן, —
דיכטער יידישע — עקשנותדיק ווילן-וועלן-זיין-זין.

דיכטער — אינדזלען פאַרבאָרגענע מיט אַלערליי אוצרות
אַרומגערינגלט פון צערייצטע, אינטריגירטע פּיראַטן
וואָס זוכן „גאָלד" און ווייסן ניט ווו עס געפינט זיך, —
דיכטער — אינדזלען פאַרבאָרגענע מיט אַלערליי אוצרות.

דיכטער יידישע — זעלטענע פרילינג־טעג
אינעם סוף פון קלאָרן אָקטאָבער
מיט שניי, ערשטן, אויף ברוין־גרינע בלעטער, —
דיכטער יידישע — זעלטענע פרילינג־טעג.

## וואָרט, ליד — שאַפונג

ווען מע ווייסט ניט קיין לשון־קודשדיק וואָרט,
זוכט מען עס אין דער הייליקער תורה, —
אַלץ איז אָנגעגרייט, פאַר אונדזערטוועגן, דאָרט.

אָדער ווען מע ווייסט ניט קיין ענגליש וואָרט?
צי למשל, פון אַנדערע פעלקער, זאָל זיין — דייטשן.
איז עס גאָר פשוט און גרינג — אַ מחיה!
מע מאַכט תיכף אויף דאָס פעסל־ווערטערדיק־בוך
און מע צאַפּט זיך אָן אַ פולע גלאָז אַלערליי טייטשן.

צי גאָר אַ שטייגער ווי אינעם דאָזיקן פאַל:
מע ווייסט ניט קיין ריין יידישדיק וואָרט, —
יאָ, יאָ, אַ פּראָסט יידישדיק רעדנסאָרט וואָרט.
נו, פרעגט מען ביי דעם אייגענעם פאָלק אַליין
פון זיינע יידישטייטשן דעם ריכטיקן מיין...

אָבער וואָס טוט מען ווען מע ווייסט ניט אין אַ ליד
דעם פּאָעטס וווּנדיק־וווּנדערלעך פּיזמונדיק וואָרט?
דאָס וואָרט וואָס איז אייגנגעשאַפן, פאַנטאַסטיש גענערט,
געטרערט און געבערט מיט זיין יחוסדיק אומגערוט בלוט?
און דורך זיין אייגענעם דיכטעריש זען — פאַרמערט, פאַרקלערט?
נו, טאַקע? טאַקע?! אוי, טאַקע...

ביי וועמען זאָל מען גיין פרעגן?
און צו וועמען זאָל מען זיך ווענדן,
כדי חלילה דאָס ציטערדיקע וואָרט ניט שענדן
מיט בייזע קריטישע ווערטער־געשלעגן?
איז אָט: נעמט זיך די איינציקע דיכטערשע עצה אין אַכט:
מע טוט ערנסט נאָך דעם פאַרטיפטן כעמיקער אין זיין פאַך, —

מע ווערט עס, מע מעסט עס, איידל און צאַרט;
מע לעקט און מע שמעקט עס אויף אַ געהיימער אָרט,
ביז פּלוצים, ווערט ליכטיקער מאַרך געשפּאַנט שטיל, ש־ש־אַ!
מע צעברייעט עס, מע צעקייעט עס ביזן ביין מיט די אייגענע ציין:
און דער סוף בלייבט שטענדיק אויף אייביק אַזאַ:
מע ווערט אַליין צעבלוטיקט פון דעם, שווער און אַ סך;
ערשט דאַן הייבט מען אָן דאָס דיכטערישע וואָרט פאַרשטיין.

נאָר אויב עס מאַכט זיך אַז איינער מיט אייגנשאַפטן
במקום פּאָעט — טרעפט און טרעפט — דעם טראַף; טראַך נאָך טראַך
און ווייסט נאָך אַלץ ניט במחילה דאָס פאַרעקשנטע דיכטער־וואָרט?
דאַן, זעט איר, מוז ער גיין ווי דער קינסטלער אַליין צום קוואַליקן אָרט;
וואָרטגעטראַנק, וואָרטגעקלאַנג וועט אים שוין מאַכן ווי אַלע פּאָעטן,
ווי אַלע פּראָפעטן; אי קראַנק און אי העלזועוודיק — געפּלעפּט — — —

טאָ הער, ליבער רב לייזער־לעזער, פאַרנעם קאַנדיד
ווי גבורהדיק עס רוישט נאָך די מיל אין גאַנג,
וואָס מאָלט דאָס מעל פון וואָרט אין וואָרטגעזאַנג;
הער, ווי נצחונדיק עס מאָלט די מיל וואָרטקערנער פאַרן ליד!

נאָר צו־נאָענט ניט גענען צום נס — נסיונדיקע הייליקשאַפטן;
גיך, וואַרף אַראָפּ דיינע שיך!
פאַל אויף דיין פּנים ווי אַמאָל פאַר גאָט, —
צען מאָל פאַרן פאָלק, פאַר זיין עקשנותדיקן איך
וואָס אַנטפּלעקט ריין יידישע געבערשאַפטן!

ריר גאָר ניט אָן! ס׳איז נאַקעט! עלעקטריע — אין הוילן דראָט...
ס׳האָט בלויז, אויף אַ ווײַלע, גאָט אַנטבלויזט זיין בורא׳שע דיך — — —

# אָקעאַנישע בילדשאַפט...

אָ, דו פאַרוואָגלט שכינהדיק וואָרט,
אייביקער עמוד־האש ;
ליכטיקער גייסט דו אין פלייש
פון דור מיט דור — צוזאַמענעפאָרט.

איך וואָלט געוואָלט שענקען מיין בוך
צו אַ לייענער אַ יוגנטלעכן,
זאָל ער מיט די שווערע טראַכטענישן
וואַנדערן אויף די בערג,
קלעטערן אויף די שאַרפע סקאַלעס
לעם ים פאַזע די שניי־זאַלציקע זאַמדן,
און לייענען — יידיש־נוסחדיק —
פאַר די שטורעמדיקע כוואַליעס
מיט די שיפעדיקע, שוימיקע שטיגן.

זאָל זיין — וואָרט,
כּהאַליע און גערדאַנק —
דו און איך,
לעם צערייצטער אָקעאַנישער בילדשאַפט.

ווי פלאַטיליעס זאָלסטו אַפּלאַזן
מיין יאָגנדיק צערייצט וואָרט
מיטן אָנגעלאָדענעם געדאַנק,
און זאָל עס זיך שניידן
איבער די געבערגטע וואַסערפליינען
וואָס זענען וועגלאָז,שטעגלאָז
נאָר פול מיט טרעפגעהיימעניש...

אָ, טרעף, טרעף, טרעף —
געדאַנקענטרעף

פון צערייצטער טראַכטעניש.
טרעף, טרעף, טרעף —
עמאָציעטרעף
פון יידישן געמיט און דיכטערישע אומרו, —
אוי, דו, מוראדיק, שרעקעוודיק וואָרט!.

וואָרט, וואָרט, שטיין פון דער אוניווערסאַלער מיל.
דאָס וואָרט זאָל האָבן — דאָס וואָרט.
דאָס בלויזע לייבלעכקייט פון וואָרטשאַפט
כדי די קערנדיקייט וואָס אין דעם איז דאָ אַזוי פיל
(מיט פאַרטיפטן אינדיווידועלן געדאַנק
פון יחידותדיקער מילבישער גרוים)
זאָל ניט וואָגלען סתם אינעם קאָסמישן שטויב.

כ׳וואָלט געוואָלט שענקען
צו אַ יוגנטלעכן מיין בוך;
נאָר ווו איז ער אָט דער
וואָס זאָל פאַר מיין וואָרטשוואַנגער
און געדאַנקפּאַנגער
זיין דער משיח?

מאָדנע, ווי יעדע זאַך
לעכצט נאָך אַ משיח;
ס׳איז ווייטיקדיק צו וויסן
אַז יעדער נייער יעדער...
וואַרט אויף... משיח...

אַ, דו פאַרוואָגלט שכינהדיק וואָרט,
אייביקער עמוד־האש;
ליכטיקער גייסט דו אין פלייש
פון דור מיט דור — צוזאַמענגעפאָרט.

## מיין ליבשאַפט־ליד

שוין לאַנג ניט געשריבן קיין ליד,
כאָטש שטענדיק טראַכט איך פון דעם אין בלויזער וואַכשאַפט,
יעדע רגע, תמיד, ווי פון דיר און דער אַנטפלעקונג —
די אייביק־איינציקע ווידערהאָלטע טראַכטעניש;
ווי האָט אַפּנים פאַרשניטן אַ בונד מיט מיר;
ציט מיין בלוט זיך אַהין, ווי ס׳האָט געצויגן די אבות.
אוי, ווי איך בין פאַרליבט אין דער טראַכטשאַפט
פון אָט־דער רעטזלהאַפטער „טראָיקע" מיינער:
ליד, דו און דער אַנטפּלעקונג — — —

און איבער זיי און אַרום זיי
און מיט זיי — מיין ליבע;
אַ ליבע וואָס זינגט נאָך דאָס ליבשאַפט־ליד
פון אומענדלעך־בויענדיקע לופטשלעסער
אינעם אויגנבלויאיקן הימל דיינעם —
אַלץ פאַרוואַנדלט זיך אין גאָלע בענקשאַפט,
וואָס ברענגט מיך צוזאַמען פּנים צו פּנים מיט דיר;
אָ, זאָג, מוז טאַקע אָט־דער וואָס דערזעט גאָט, שטאַרבן?!
תיכף ומיד — אויפן זעלבן אָרט — שטאַרבן — — —

## פּאָעטן, איי, פּאָעטן...

לאָמיר אַלע זיך צוזאַמענזאָגן אינאײנעם
וואָס אײנער זעט בײם צווייטן;
גאָרנישט זאָל געשווינט ווערן קיינעם:
דו זאָגסט — וואָס מיר פעלט;
איך זאָג — וואָס דיר פעלט;
ער זאָגט — וואָס ביידן פעלט;
אַנדערע — וואָס אַלעמען פעלט...

פּאָעטן, איי, פּאָעטן, פּאָעטן;
לאָמיר זיך אינאיינעם צוזאַמענזעען;
ווייל קיינער קאָן אַליין, אין זיך, ניט זעען
ווי יענער זעט ביי יענעם אַזוי־ווי־נאָר
איך — ביי דיר; דו — ביי מיר; ער — ביי ביידן.

פּאָעטן, לאָמיר אַלע אינאיינעם זיך צוזאַמענזאָגן,
אינאיינעם אַלע זיך צוזאַמענזעען,
אַז דאָס גאַנצע שאַפנקייט זאָל זיך קאָנען פּאַרטראָגן;
סיי אין הוילע, בלויזע נאַכטעניש
און סיי אין אויסגעשלאָפענע, וועקנדיקע פּאַרטאָגן...
לאָמיר איבערשמעלצן די ריגלען און קליאַמקעס
אויף האַרצשליסעלעך און אויגנלעמפּלעך —
סע וועט זיך אַן עפנטאָן יעדנס עמקות.

## דיכטערישער פייער...

מאַנטיק, דינסטיק, צייט צאַפּלט אַן וואַכיקער גאַל מער.
איך האָב פֿאַרענדיקט לייענען צום דריטן מאָל אַ באַנד לידער
און גרייט געווען אים שוין אַריינשטעלן אין אַלמער,
נאָר קיין פּלאַץ ניט געפונען אויף פּאָליצעס פון הויך־נידער,
דאָך צעשפּאַרט די ביכער און אים אַריינגעפּערעט געמיט־צעטראָגן;
אָבער תיכּף צריק אַרויסגעכאַפּט אים ווי פון אַ שריפה לייענען ווידער.

אַוועק! אַוועק! איר מיטלמעסיקע! ניט ראוי צו שטיין זייט איר
לעם דאָרנבערענדיקן דיכטערפלאַם — „אין פייער־וואָגן" — — —

# ווייבער פון פּראָזאַיקער און פּאָעטן

ווייבער פון פּראָזאַיקער זענען פּוצערקעס פון פּרויען־היטעלעך.
זייער באַגריף צו אונטערשיידן פּאָעזיע פון פּראָזע איז אַ קינדערשער.
זיי רעדן־נאָך די פּראָזע־חכמה מיט אַלע שפּרוכן־פּליטערלעך
פון זייערע אייגענע מענער, כאָטש סטיליסטיש געווים פּילדרישער.

זיי נייען זיך אָן פולע טעג נעבעך, מיט פאַלשע בלומען,
דעריבער איז דערווידער זיי פּאָעטישער פּוץ און שאַרם אפילו,
ביי זיי איז גראַם און ריטמיק אַ בלויזער פייגל־זשומען:
ווי גערן וואָלטן זיי געשלאָפן מעת־לעתן אין פּראָזע־שעה־הילע.

פּאָעטן טוען מיטליידן מיט די זאַלצפּאַרקלאָצטע נשים, די לוטישע.
ווייל פון עכטער פּראָזע פּראָזאַישער זענען זיי אַליין און דערווידער,
זייערע סטערילע „יוצימצויציםמס" יאָגן מאַנסבילן מיט געלאָפן דאָן־קיכאָטישע
זיי — אויפקעריקוועגס — גלאָצן זאַלציק אויף באַרדן און לידער.

פון אָט דער קוואַרער פּראָזע, די מענעריש־אייגענע, קריגן זיי אויסשיטן
אַרום די געפּלעקטע געמבעס — סימנים נערות — אויפצוריקוועגס...
אין געזעלשאַפט זענען זיי נייטיק ווי אַ קאַקטוס אין מדבר געגליטן:
היינט די מראה פון זייערע אויגן — שטערן־שטויב אין מקווהס.

ווייבער פון פּאָעטן זענען שניידערקעס אָן די אַלע פאַלשע פּוצן,
זיי איז דערווידער אַרטיפיציאַלע בלימלעך ווי אויף קאַרניזן שימל.
ביי דער אַרבעט קומען זיי דורך מיט פּראָזע־ווערטער אַ טוצן
נאָר פלוישן־אויף ביים וואָרטאַל־אוצר ווי אין שבתדיקן געמירמל

ביים פּאָעטישן קלאַנג פון זייערע מענער אין קרייז פון דיכטער;
זיי רוישן-אויף ווי דראָנען אַרום וואַקס פון אַ האָניקער;
זיי האָסן פּראָזע סכנות! ס'איז טאָפּלטע שניידעריי ביי טונקעלע ליכטער!
זיי דריקן זיך אוים שאַרמאַנטיש ווי די ערשטע נעאָ-פּלאַטאָניקער.

זייערע פּנימער זענען צאַרט און מיניען זיך אין טונקעלע פּראָפילן;
שלמה המלך איז שטענדיק לעם זיי מיטן געזאַנג פון שיר השירים;
ער שלייערט אַרום פון זיי אינטואיציע מיט געשליפענע געפילן;
זיי טאַנצן ווי אויף פּאַרקעט, זעכצניעריקע — פלאַטער — ניט באַרירט אים...

אָ לייענער, דו ליבער, אַלץ וואָס די אויבערשטע סטאַנזעס, די זיבן,
האָבן די נאָבלמאַניע באַגרינדעט און געשילדערט בולט און ריטמיגראַמיש,
איז גראָד ניט ווי דאָס פאָלק זאָגט: זיבן איז אַ ליגן שעבעליגן,
ניין. איך פּאַראַפראַזיר בלויז אַ פּאַרפראַזעוועטן דיכטער-אָוונט עפּיגראַמיש...

## דאָס ליד פון די אַשיקע דורות

יונגער יורש מיינער, דיכטער;
נאָכקומענדיקער גערעגנגל פון יידישן וואָרט —
שטענדיקער אָטעם פון פאָלקסלעבן;
ביי מיין סכנהדיקן טויט
זאָלסטו איינער צודעקן מיינע יחוסדיקע פּיס,
וואָס וועלן סטאַרטשען צום הימל מיט די פינגער,
ווי דורשטיקע פלאַמינגאָס מיט די שנאָבלען.

זאָלסט שנעל פאַרברענען גאָר מיין געביין,
בראַוו ווי אַ דערוואַקסענער זון;
נאָר נישט געוויינט איבערן גזרפולן פאַרגיין —
דאָס זענען טיילן פון אומאייביקייט;
דו לייג בעסער אַביסל אַש אויף דיין דלאָניע
און קוק אַריין דערין טיף אין דער טונקלקייט
פון אָנהייב און סוף — פון ביידע צוזאַמען —
בלאָז עס אַראָפּ עלעהיי זריעה...

וויים. איך רעד צו דיר אָנפאַרטרויעט,
ווי די שטים פון אַ דערפאַרענעם ברודער.
לייען מיינס אַ ליד — די שענסטע מצבה מיינע
און גיב אַ שיט דאָס אַש; דאָס גאַנצע רעטעניש;
זאָל עס פליען; עס דאַרף נאָר פליען
צום שורש פונוואַנען וואָרט שטאַמט,
פון וואַנען וואָרט בראַנדט און אַנט און שפּאַנט
מיט דער אַנטפּלעקונג פון שטענדיק ערשטער איבערלעבונג:
פון אָנהייב ווערן, פון זיין און פון אומקום —
פון אַלצדינג וואָס לאָזט זיך הערן און געדענקען.

יונגער קאָלעגע מיינער,
נאָכקומענדיקער דיכטער־יינגלינג,
דו ביסט מיין צוגעגרייטער יורש;
וואָס דאַרף צודעקן מיינע איינזאַמע יחוסדיקע פּיס
ביי מיין אומפאַרמיידלעכן פיזישן טויט.
בלויז דו זאָלסט צעבלאָזן מיין וואַרעם אַש —
דאָס וועלטלעכע רעטעניש אין לעבן...

איך וויל מקיים זיין די קונסט
פון שטאַרבן פריער פאַר מיין יורש,
כדי פאַרגרייטן דאָס ליד פון די אַשיקע דורות
נאָר פאַר דיר און בלויז פאַר דיר.
און אַז דיין אַש וועט צעבלאָזן ווערן
זאָל עס קאָנען גרינג פליען צו מיר —
צום ווינטיקן אַש פון די אַשיקע דורות,
וואָס האָבן אַלע מאָל באַזאַלצט מיט זייער יידיש־לייב
דאָס אייביקע גוטע ברויט פאַר דער וועלט —
מיטן יידישן חלום — אַקעגן...

## צווײ פּאָעטן — צווײ כּשרע חלפים...

צווײ ייִדישע פּאָעטן טרעפֿן זיך אָן אַקעגן
אויף אַ שמאָלן זײַטוועג;
סוביעקטיוו, אַ ליריקער און אַן עפּיקער;
אָביעקטיוו, אַ לײב און אַ לעמפּערט
אין דזשונגל פֿון מענטשן...

וואָרט פֿלאַמט אויף אין זײערע אויערן,
די אויגן גאַלאָפּירן ווי הויכרעדנער:
ייִדישקייט, אַן איבערגעקערטע פּאַס, צעלעכצט,
ווײַנט אַראָפּ אַ טרוקן געוויין פֿון זײערע אַקסלען.

צווײ פּאָעטן שנײַדן דורך דאָס דרויסנדיקע
מיט שטאָך פֿון אות, מיט שאָס פֿון וואָרט,
מיט שאַרף פֿון פֿערז, מיט קראַך פֿון סטראָף,
מיט פֿלאַם פֿון ליד, מיט זיג פֿון בוך...

זײערע גופֿים, פּיקאָלאָס, קעגן ווינטן
שרײַען די פֿאַרביטערטע קלוגשאַפֿט אויס
און שרײַבן זי מיט מוזן אין אַויר אַרײַן:
— דו אײַביקער, דו גרויזאַמער, גערעכטער און נישטיקער!
אַנו, קוק נאָר גלײַך אין די אויגן אונדז — גאָט!

צווײ ייִדישע פּאָעטן טרעפֿן זיך אָן אַקעגן,
אַ ליריקער און אַן עפּיקער — לײב און לעמפּערט;
כאַטש אָן שטעכיקע פֿעלן, אָן פֿאַרריסענע עקן —
מיט ברום אין די גאָרגלען, וואָרטשען אויף ליפּן;

מיט ציטער אין די לייבער פונעם נמנו וגמרו!
דער זייטוועג איז שמאָל; אהער אָדער אהין!
שפּרינגען אַן איבערשפּרונג? מיינט שוין פליען!
וואָרטשען ליפּן: „העללאָ"! „שלום"! געקרבנט,
דערשטיקט און פאַרצוקט; צוגעוואָרפן צו די פּים
פון ביידן ווי אַ לעמל געשחטן; ציטרום-זאַפט
אין אָפענע, צעיאַטרעטע ווונדן, — אַ פרילינג-שניי
אויף צונגען פון פלאַמפייערדיקע שריפות...

צוויי יידישע פּאָעטן — איינער קעגן איינעם!
צוויי חלפים מיט גלאַטינקע כשרע שאַרפן
אין קאָרטענע היימישגעמאַכטע שיידלעך;
געהיט, — אַ הויך זאָל אויף זיי ניט פאַלן;
צוויי יידישע פּאָעטן — צוויי כשרע חלפים...

# ערב ליד

ווי מוזיק יאָגט זיך פונעם אָרקעסטער
אַזוי יאָגט זיך אין מיר מיין שטימונג.
איך וויל זי אַנקליידן אין אַ ציל,
ניט אויף שפּילעווודיקע ווערטער זי אַרויפזעצן;
אין מיין יוגנט זיך קנאַפּ געשפּילט מיט צאַצקעס, —
איך האָב בפירוש מורא זיך שפּילן מיט אייך,
יידישע, זיידע־באָבעשע, ווייזהאַפּטיקע ווערטער.

מיין שטימונג, מיין שטימונג, אָ, מיין שטימונג — ערב ליד;
זי איז גרייט צו שטאַרבן אויף אייך (ליבסטע עקדה)
זיידע־באָבעשע פּאָלקסקלוגשאַפטן — יידישע ווערטער.
מיין שטימונג — אַ קאָלירפולער קאַרסאַזש שטאַרבט,
בלוטיקט אוים זיין גסיסה ווי א זעלבסטמערדער
אין אַ פאַרשלאָסן צימערל אומאַנטפּלעקט.
מיין שטימונג, מיין שטימונג, זי שרעקט זיך
פאַר אייך, זיידע־באָבעשע, יידישע, בלוטיקע ווערטער.

מוזיק יאָגט זיך אַוועק
און איך — אויך אַזוי:
כ׳בין קלאַנג, עכאָ, וויכער און שרייער;
די נאַטור, די איינציקע האַנט, די געטרייע,
טעסעט מיך, פּורעמט מיך פון אַ רויג,
אַ קריכערל ביזקל אַ הימלטיף־פליער;
זי קילט, שווענקט, און לייטערט אַרויס
פון פייער, פּ׳ין טראַפּנס, פון זאַמדן
די פּילפּורעמדיקע פאַרעם — מענטש־ליד;
זי ווייסט מיט איר געדולד וואָס־און־ווען
פון מיר צו ווען אין מיין שאַריענדיקער שטימונג —
גאָרניט זאָל פון איר גיין אין מיר לאיבוד.

עס זינגט און זינקט אין מיר געזאַנג
אַרויף־אַריבער צום גאָר דעם לעבן.
נאָר מוזיק איז דאַן קלאָר ווען עס קומט ווי וואָרט;
כאָטש וואָרט אַליין איז גאָר דאַן בעסער
ווען עס ווערט וואָרנדיק און וואַרעמט ווי גאָלע געזאַנג.
ליד קען נאָר ווערן ליד ווען עס איבערשטייגט
אַלע געבלוטיקטע און בלאָנע־בלוי צעבליצטע ווערטער — —

זע! ווי וווּיל איז צו אונדזער יידישן דור
וואָס אין אים לעבן נאָך אָט די באַזעלטע און צעקרעלטע
וואָס יאָגן ווי „יאָגים” אַריין די העכסטע וואָר —
אַן אייביקייטס אָטעם פון טראַנספּאָרמירטער יונגשאַפט — ליד אין ליד;
און די יידישע זיידע־באָבעשע ווערטער — צעבליען זיך צעהעלטע.

# שפּליטערלעך טראַכטשאַפט

מיין טאַטע האָט מיט התלהבות געדאַוונט אַ ליד:
**אָז ישיר משה ובני ישראל את השירה הזאת.**

מיין מאַמע האָט מיט אמונה־טרערן געשעפּטשעט אַ ליד:
**גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב באַהיט דיין פאָלק...**

מיין ברודער האָט מיט לירישער בענקשאַפט רעציטירט אַ ליד:
**בלויע אָוונט שטונדן; שטילער, שטילער, רעדט ניט הויך.**

און איך? איך דאַוון, איך זינג און לייען מיט טייטש,
באַם שאַפן נאָך אַ ליד צו די פיל־אַלאַרמירטע קידוש־השמיקע לידער.

# אויף איין געלעגער

שלמה שוואַרצן

צוויי פּאָעטן ליגן אין איין בעט.
איינער פון צווייטן איז העט, העט.
נאָר ווען דער וואָרטאַל באַפּאַלט זיי
דערנעענטערט ביידן דער זעלבער ווייַ.

זאָגט דער ייִנגערער,
דער וואָרטפּלאַטערער.
שוין דרייסיק טעג אַז די לידשאַפּט
ווי אַן אינוואַזיע שטראַלט אין מיר.

און דו, אין דער גאַנצער לענג פון שלושים,
באַהאַלטסט זיך אונטער איין פּאַרטרייב;
שוויַיג, שוויַיג, פּאַרעקשנטער שוויַיגן.
אָ, באַווייז מיר דיין קאָלירטן רעגנבויגן:
איין פערז מיט דריי מעטאַפאָרן
זאָל פאַרבן און אַרבן איבער ביידנס גיטער.
דער דיכטערישער בונד זאָל געצונדנווערן
מיט שעפערישקייט פון וועגן אונדזערע געמיטער.

נאָר ס'האָט דער עלטערער אָנגעוויזן
אויף דער נאַכט וואָס טאָגט
און מיט פיל דורותדיקע דעוויזן
באַרויִקט געזאָגט:
מאָרגן, מאָרגן וועל איך שרייבן,
זאָל דער היינט שוין אַזוי פאַרבלייבן —

היינט פראָזער,
מאָרגן ראָזער.
כה אמר דער עלטערער פּאָעט,
אָן אַ אם ירצה השם גערעדט:

איך, וואָס האָב געזונגען מזמור צום שטאַרבן,
וויל שטאַרק אין אַלע מינים פּאַזן דאָס לעבן.
נישט גענוג פאַר מיר די אויסגעטראַכטע פאַרבן,
כ׳וויל די וועלט פון מיינע לידער צוריק זיך געבן...

ווען מ׳זאָל קאָנען (גאָט באַוואַר און באַהיט)
די ווערטער פון אַלע ביכער באַפרייען,
וואָלט די וועלט פונעם שטויב אַליין
בייטן געמוזט איר געוויינטלעכן אָרביט.

דעם וואָרטפלאַטערם אָרעם
האָט געוויגט זיך —
אַ צווייג אין שטורעם.
געגלעט לאַנגזאַם
און גיך
דעם דינעם גוף
פונעם עלטערן פּאָעט
און צוגעפאַלן מיטן שטערן
פיבערדיק, צו זיין דיך.
אָ ברודער, חבר־פּאָעט,
עס ציטערט אין מיר אַן על־חטא:

ווען ניט דאָס לעבן פאַרן שעפּערישן וואָרט,
פאַרשטיינערט געוואָרן וואָלטן מיר אויפן אָרט.
איך, וואָס געזונגען האָב און זינג נאָך היינט
פון אַלע מינים לעבנס-וויטאַלן,
וואָלט אין די אָרעמס פון טויט, אָט איצט, געפאַלן...

צוויי פּאָעטן ליגן אין איין בעט.
איינער פון צווייטן איז העט, העט.
נאָר ווען דער וואָרטאַל באַפאַלט זיי
דערנעענטערטביידן דער זעלבער וויי — — —

## אַוועק, ר׳ מאַטעסל טראַכט!

אוועק פון אים, דו מלאך־המות, דו!
ער טראַכט אַצינד, ר׳ מאַטעסל טראַכט.
וויים, ווען ער טראַכט — דער עיקר — יידישע טראַכטונג,
איז דער מלאך־החיים דערנעבן, די רעכטע האַנט.
נו, וואָס פאַר אַ קראַפט האָסטו קעגן אים, מלאך־המות איינער?
אוועק פון אים! ר׳ מאַטעסל טראַכט אַצינד, טראַכט...
ער איז פאַרטייעט אינעם יידישן חלום!

## ערב ווינטער

ווען שניי ליגט אויף גראָז,
טראַכט זיך פֿון דער וועלט,
וואָס קאָן נישט אַרויסגיין ווי אַ לייט
מחמת זי שטייט איצט אָן הויזן.
ווען שניי פּאָרט זיך מיט גראָז,
טראַכט זיך פֿון דעם
וואָס מענטשן רופֿן אָן אייביקייט:
כ׳האָב געכאַפּט אַ פּליאַסק אַמאָל
פֿאַרן מפסיק זיין ביים נקדישך.
די האַנט, וואָס האָט געפּליאַסקעט,
האָט שוין הונדערטער נקדישך׳ס
שבתדיק איינגעשטעפּט אין שבתגעמאַכטע קליידלעך.

פֿאַר ניט געדענקען בוצעפּאַלעסן פֿון מאַצעדאָניע
האָב איך געכאַפּט אַ פלאַמיקן פּאַטש
אויף מיין זעכצניעריקער קילער באַק.
איך בין נאָך היימיש מיט די בוכצעס,
וואָס האָבן מיר געשטעמפּלט מיינע זייטן
פֿאַרן לאַכן פֿון אַ מאָנומענט.

מיט צען יאָר שפּעטער
האָט מען אים צעוואַלגערט
און אָן אַנדערן אויפֿן אָרט אויפגעשטעלט
צו סטאַרטשן אין דער אייביקייט פֿאַר אונדז.

דאָס קאַטשקעלע — אַ שווימענדיק שטיק גראַניט
צעקלאַפּט מיטן לאָפּעטקע־שנאָבל
דאָס דינע, איינגעפרוירענע הייטל איבערן וואַסער.

עס שווימט פּאַוואָליע, אַליין, חלומלאָז —
אַ מיניאַטורן אייזבערעכערל צום אַנטאַרטיק.
אַ גאָט, פאַרוואָס האָסטו מיך ניט באַשאַפן אַזוי פאַרגאַנציקט...

ווען שניי פאָרט זיך מיט גראָז,
חלום איך בייזע חלומות:
מע לייגט מיך אַריין אין זיידגעבעטן ארון,
מע דרייט איבער דעם שלאָס צוויי מאָל,
און דעם שליסל טוט מען אַ וואַרף —
מיט אַ קליינעם קלינגבאַגלייט אויפן דעקל,
וואָס איבער מיין ברוסט מיט האַרצקלאַפּ.

איך דערהער, ווי קינדער זינגען
און עס ציט מיך צום געזאַנג שטאַרקער,
ווי צום גאַנצן לעבן גופא.

אָ, קינדער, זינגט, זינגט מידלאָז.
אייער געזאַנג וועט אויפוועקן די טויטע.
איילט זיך צו מיטן געזאַנג,
מאַכט עס שנעלער פון ליכטלויף;
וואָרים באַלד וועט די וועלט אַרויפכאַפּן
אויף זיך די געפּאַנצערטע הויזן
און סע וועט מירטשעם זיין אַ שיינע מלחמהניו — — —

## אַנקומענדיקע פאַרנאַכטן

אַ ייִד, אַ זקן אַ דאַרער,
האָט פאַרלאָרן זיין ווייב און זיינע קינדער.
איך טרעף אים אָפט אין אַנקומענדיקע פאַרנאַכטן
אין פאַרק שטיין אַליין אַ פאַרשטאַרטן;
זיין פּנים קעגן דער פאַרגייענדיקער זון —
אַ קרומער קוסט מיט ריטלעך פאַרדאַרטע.
די זון — געשאָכטן אויף צעיושעטע וואָלקנס
איז פאַנאַדערגעפּעכערט ווי אַ גילדענע פּאַווע.
פון דעם ווערט זיין פּנים מיט בלוט אָפּגעגאָסן;
עס צעפלאַקערט זיך אויף אים די באָרד און די פּאָלעס;
נאָר זיין מויל איז אָפן — אַ לענז אין אַ שפּאַקטיוו
געצילט אין מרחק אַריבער דער ערדישער וועלט:

„אַלץ איז וווּנדער שבוווּנדער,
נאָר איך בין איצט אַליין מיט דער וועלט
און בין פאַר איר אינגאַנצן אַנטפּלעקט.
כ'האָב גענוג און גענוג, איבער־אַריבער גענוג. —
אַי, נעם מיך אַהין צו מיין ווייב און צו מיינע קינדער, —
כ'קאָן שוין אַזוי לאַנג מער נישט וואַרטן.

כ'קוק אויפן בלוטיקן הימל. זע די גאַנצע אַנטפּלעקונג,
און איך ווייס ניט, באַם סוף פונעם טאָג,
ווער סע גייט אין אים מוראדיק אונטער:
די זון אַ צעיושעטע אין טייכן און אין ריטשקעס,
צי דער זקן מיטן פּנים טליענדיק צונטער.

## קאַרקיידו

קאַרקיידו, דו ווערימדיק שטיק ערד מיינס, יאָ־און־ניט געפּעלטע.
ערגעץ ליגסטו מיט אַן אומבאַזויפט ליידנשאַפטלעך מויל
און וואַרטסט מ׳זאָל, וואָס גיכער, מיין ניט־דערברענטע קויל
אַריינוואַרפן אין דיין אויסגעמולטערטער פּעלטע...

קאַרקיידו־קאַרקיידו, דו מאַמע ערדישע שוים מיינע,
דולדעסט נעבעך די לבנה מיט די אויסגעשטערנטע מעטאַלענע נעכט,
די זוניקע טעג — אַלץ וואַרטנדיק אויף דיין אויסדערוויילטן העכט...

אוי, קאַרקיידו, ניט אומזיסט וואַרטן אַלע ערדישווערימדיקע שליימען דיינע.
קאַרקיידו־קאַרקיידו, איין און איינציק שטיק ערד מיינס,
אַווו ליגסטו ווו? ווו וואַרטסטו ווו?
כ׳וועל ווי אַ מומיע אין מוזעום־רו
פאַרוויגט זיין אין דיין ערד־בעט — אַ סטאַטעקל דיינס...

קאַרקיידו — קאַרקיידו־קאַרקיידו,
דו לאַנגווײלסט זיך אָן מיר?
אַ, זיי רויק. כ׳וועל ניט אַנטלויפן פון דיר —
ווערימדיק שטיק ערד מיינס! דו, נאַרעלע, דו...

# איינער פון עם ישראל

כ׳האָב געקלערט אַ סך מאָל צו באַגיין זעלבסטמאָרד,
נאָר מיין גלויבן אין עסטעטיק האָט געשריגן:
וויאַזוי צעברעכט מען אַזאַ שיינע כלי?

אויף מיין געלעגער בין איך וואַך
און לייען אַרוים כל נדרידיק
פונעם לעבן, מיט מיינע וואַכע אויגן.

אָ, דאָס לעבן מיינס, ס׳קאָכט ווי אַ ים מיט מיר
און די כוואַליעס טרייבן עס שוימיק פאָרוים-צוריק —
אַן אָפּגעריסן ברעט פון אַ שיף אָנגעשוואָלן מיט ים-וואַסער.
אָ, לעבן, וועלן מיר נאָך זיין צוזאַמען אויף לאַנג?
צי וועלן מיר שווימען באַזונדער ווי וואַקלענדיקע ברעטער
און זיך חברן מיטן ימס זאַלץ און שוימיקן באַרג און טאָל?
האָרך, אייגן לעבן מיינס, האָרך, איך רעד צו דיר:
וועל איך געפינען אַ רפואה מיין אייגענע זעל
צו היילן פון זיך-פאַרדאַרבענע ספּקותדיקע זיכן?
מיין זעל איז קראַנק פון מיין אייגענעם „זיך"
אָבער איך בין ניט קראַנק פון מיין ליכטיקער זעל;
איך שריי נאָך אַלץ: כ׳וויל דיין שורשדיקע ליכטיקייט.

פאַרלאָז מיך ניט, אייביקייט, אָן דיר האָב איך גאָרנישט;
איך פאַל אַראָפּ אין גרובן פון מחשבות-עקדישן.
אָ, ניין, מיין זעל איז אינפיניטיוו — ירושהדיק פייער.
פון אברהם ביז מיר איז אַלץ די זעלבע זעל;
זי וויל נאָר אויספּאָלגן די האַנט פון דער אייביקייט —
דינג איך זיך פאַר איר ביז דער איין-זכותיקייט
פונעם צדיק-הדור כדי צו רעטן זי, מיין זעל.

אין דער פינצטער זע איך מיט מיינע גלאָציקע אויגן
ווי דו ליגסט נאָענט צו מיין לייב ווי אַ זויגלינג
ביי דער זייט פון דער פול־לבנהדיקער ברוסט פון מאַמע —
דער מילכוועג פון באַשאַפענע וועלטן פליסט אין איר באַרוסט.

מיין שרייבפענדל איז גרייט אין דער פינצטערניש
אויפצוכאַפּן אַ פּאָר פונקען פון דיין ליכט,
נאָר מיין האַנט וויל ניט זיין געהאָרכזאַם צום מאַרך
וואָס וויל אַ פלייצטאָן אויפן ווייסן בויגן פּאַפּיר
וואָס ליגט לעם מיין פיבערישער דיך, — אַ נאַקעט קינד
אונטער דער שווערדישער געפאַלנקייט פון היטלער־צייט.

אָ, זעל מיינע, נעם מיך שטאַרקער אַרום;
האָרך זיך איין צו מיר, איך רעד צו דיר:
זאָלסט זיך קיינמאָל ניט אָפּטאָן פון מיר אַט אַזוי
ווי ס׳האָט זיך די זעל פונעם טראַגישן סערגיי יעסענין —
אָ, פאַרלאָז מיך ניט, דו יידישע אייביקייט־ליכט.

# י ם

אַ מענטש גייט, אַ צווייאיקער, לעם ים:
איינער טראַכט פון וועלט־באַשאַף,
דער צווייטער פון סם.

כוואַליעס, אָפּגעריסענע ווענט,
צעפּראַלן אין קלאַנג און אין שטויב.
ביידע מענטשן נעמען די נאַכט אויף די הענט.

גייען זיך צוויי מענטשן אינאיינעם לעם ים,
איינער פול מיט באַוווּסטזיין ווי כוואַליעס — קראַפט.
דער צווייטער, צעפּיצלט, צעריסלט אין אייגענעם שטאַם.

דער ווינט צווישן זיי שטעלט אויף קאַלטע ווענט.
ער צעאַקערט אַ פלאַכטע אויף אַ פלאַכטע דעם ים.
פאַלט איינער פאַרציטערט; דער צווייטער שטייגט און ברענט.

אַ מענטש, אַ צווייאיקער, זעט גרויל און וווּנדער
שטייענדיק, גייענדיק לעם ברויזיקן ים־ברעג;
ער גייט פאַרטראַכט, געאָרעמט מיט זיך און — באַזונדער...

# איך שטאַרב יעדן טאָג...

איך שטאַרב יעדן טאָג
און ווער געבוירן יעדע שעה.
קיין שום חיה ווייסט ניט
וויפל מאָל זי ווערט געבוירן
און וויפל מאָל זי שטאַרבט אַליין —
דורכן לעבן וואָס קומט מיט מויל און ציין,
בלויז איך, דער מענטש —
דער נאַשער פונעם עץ הדעת,
ווייס פון מיין אָפטן אַליניקן טויט
פון מיין שטאַרבן דווקא מיטן לעבן
פילע טויטן פון לעבנס פאַרנאַס.

איך בענק נאָכן אַמאָליקן זיך,
נאָכן פאַראַיאָריקן איך,
נאָכן פריערדיקן מיך,
נאָכן נעכטיקן אויסזען מיינעם;
צי גאָר אין אָוונט-צו —
נאָכן פרימאָרגנדיקן שאָטן מיינעם.
איך שטאַרב יעדן טאָג,
אַ סך מאָל אין טאָג;
אין פילמאָליקע טויטן און פאַרלאַנגען.
איך פאַרשווינד פון זיך יעדע שעה —
אַ ווינט, אָט געווען און שוין ניטאָ.

בענק איך נאָך מיין צוקונפטס איך
וואָס ווערט אויסגעחלומט מיט יעדן יאָר:

כ׳בענק נאָך מיין מאָרגנדיקן זיך
וואָס ווערט געבוירן מיט יעדן טאָג ;
נאָך מיין שפּעטערדיק דערוואַרטעטן מיך
וואָס ווערט באַנייט יעדע שעה.
איך בענק נאָך אַ שטענדיקער אייגנקייט
וואָס קאָן ניט ווערן אָפּגעפרעמדט
און אָפּגעטיילט אין זיך־מיך־איך
וואָס שטייען שטראָפיק און טראָציק קעגן מיר ;
וואָס נאָר איך אַמפּער זיך מיט זיי און קריטיקיר.

## געדאַנקען — פון נאָך מײַן זײַן

זון מיינער — זקן איינזאַמער.
דיין יונגער טאַטע קאָן נישט שלום מאַכן
מיט דיין אַלטער עלטער וואָס איז אומפאַרמיידלעך
פאַר דיר, פאַר מיר, פאַר אַלע.
דיין ברוין-ראָזעווו יינגל-לייב,
וואָס וויקלט איין דיינע זעכצן זומערן,
זינגט אַ געוויין צו דער אַלטער עלטער
וואָס קומט אין געלויער מיט יעדער רגע,
און פאַרצערט דיין צאַרטקייט, דיין קינדישן שטערן,
דיין יונגן געלעכטער מיטן מאַנסבילשן קול, וואָס בייט זיך
און וועקסלט זיך פון אַן אַלט אויף אַ טענאָר, אויף אַ באַס.
זון מיינער, איך טראָג אַ טאָפּלטע עלטער:
יעדער טאַטע טראָגט אין זיך אויך די עלטער פון זיין קינד.
און אַזוי אויך מיט שטאַרבן:
אַחוץ זיין אייגן טויט,
שטאַרבט ער פאַר יעדן קינד באַזונדער.
איך זע דיך אָפט דורך מיין לאַנגאָנענדיקער פאַרשטאָרבנקייט;
איך בין שוין ערד, וואָרעם, פלאַנץ,
און דו, איינזאַם און אַנטפּלעקט מיט דיין עלטער צו דער וועלט,
שאָקלסט זיך אַרום אין פאַרק ווי אַ קינד —
ווי אַ קינד וואָס לערנט זיך די ערשטע טריט.
פונדעסטוועגן איז דיין פוס שטאַרק גענוג צו צעטרעטן אַ וואָרעם,
דיין האַנט, ביינערדיק און דורכזיכטיק ווי צעלאָפין,
שטרעקט זיך נאָך אַ צווייגל און רייסט אָפּ אַ בלעטל.

דו טראכסט שוין נישט פון מיר,
אָבער איך טראַכט וועגן דיר
און וועגן דיין איינזאַמער עלטער.
צאַפּלדיק און פריש, ווי דאָס זאַפט פון בלעטל און וואָרעם,
ליגט ביי דיינע פיס מיין געדאַנק וועגן דיר.

# אין ראַם פון טויט

מיין געשטאַלט ליגט אויף דער לינקער זייט —
אַ גימל אויף אַ בלאַנקן פּאַליאַנט.
ער איז שלאַפּלאַז, רולאַז נאָר קלערשאַפּטיק.
אויף דער רעכטער באַק אַנקערט מיין האַנט
מיט צוויי פינגער צו דער הייסער שלייף אַרויף.
דער אומרויִקער דופק קלאַפּט אַ דעפּעשע
צום האַר פונעם פרעמדן לאַנד — שלאָפשאַפּט:
שיק דיין קרישמעדיק באַוואָפנט חייל מיר אַקעגן;
איך קאָן ניט פאַרלאָזן די וואָר פון מיינע אויגן
און קאָן דעריבער ניט אַריין אין דיין חלומטום.

מיינע צוויי פינגער ליגן אויסגעצויגן זעלנעריש
אויף דער רעכטער פּאה און סאַלוטירן דעם מלך טויט
וואָס באַווייזט זיך אַזוי איינפאַך גאַנץ אַליין, —
אויף דער גרענעץ פון זיכערטום באַפּאַלט מיר די שלויע בעסטיע.
זיין קעניגרייך איז אויף מינדסטער ווייניקייט ניט געמינערט.
קיין שום צייט האָט נאָך ניט אויפגעטרייסלט זיין טראָן
אַז ער זאָל געצוווּנגען זיין געבן דעם לעבן אַן אַמנעסטיע — — —
דאָס גימל-געשטאַלט ציט זיך פאַר אים אויס —
אַ שטערן פאַלט גלייך אַריין אין היימלאַנד-רויס
פון גאָלע שטילשאַפּט און בלויזן טרוים.

## מיין קרעמאַציע...

איך וויל זיך מיט פלאַם באַהעפטן,
איך וויל מגולגל ווערן אין פייער.

וועלטן ווערן באַשאַפן דורך פייער;
די האַרטסטע עלעמענטן ווערן אויפגעלייזט דורך פייער;
און צי איז דען דער מענטש ניט דער האַרטסטער עלעמענט?

מיין ירושהדיקער, יידישער שטאַם איז גאַלע פייער;
עס ציט מיך צו די אייביקע פייערן —
אַט די וואָס לייטערן נשמות;
די נאַסע ערד זאָל ניט ווייקן און ניט פּריען
מיינע גלידער און ניט מיינע געטאָקטע ביינער,
מחמת איך וויל ניט אַז ווערים זאָלן זיך רויען
אין מיין אינגעווייד — דעם וועגעטאַריש עטיש-עסטעטישן;
ניט דער פּראָש און ניט דער ראַץ
זאָלן מאַכן זיך פון מיר אַ וווינשאַפּט זייערס.
איך וויל זיין דער מושל איבער זיך,
(מיין גוף געהער צו מיר),
אַפילו נאָך מיין טויטווערן
וויל איך האָבן מיין אייגענעם אויסוואַל פון אויסווערן.
איבער מיין נשמה בין איך ניט דער באַלעבאָס.
דרום וויל איך זיך מיטן פלאַם באַהעפּטן,
איך וויל מגולגל ווערן אין פייער.

קיין וואָרים זאָל מיר ניט טאַטשען,
ניט קיין וואָרים אָדער ראַץ, צי אַן אַנדער מיאוסער שרץ
זאָלן גריזשען מיין עסטעטישן גוף;
כ'וויל גאָר קיין אָרט אין דער ערד פאַרנעמען
מיט מיין לאַנגזאַמדיקן פוילן און גנויען;

אויך דעם דרויסן וויל איך ניט שניידן
מיט קיין מצבה דעם אָנזען פון אַן אָפּדאַכט,
כדי דעם מענטשן ניט באַלעסטיקן מיט זיפּצנדיקער מורא
טאָמער וועט אים מיין טויטקייט אַן אויגנבליק שרעקן;
צוּוואָס פאַר אים דעמאָנסטרירן מיט מיין געוועזנקייט
דעם אַלגעמיינעם תכלית פונעם געהיימניש — שטאַרבאַכץ.

איך וויל זיך מיטן פלאַם באַהעפטן,
איך וויל מגולגל ווערן אין פייער, —
די וועלט איז באַשאַפנגעוואָרן דורך פייער.
זאָל די קרעמאַציע פון מיין גוף
מיך טראָגן אויף די כוואַליעס פון פייער
צום אייביקן אַרויף פון די פייערדיקע הויכן.

נאָר מיין אַש, דער גרויער אַש;
דער ערשטער און לעצטער אַש,
וועט אומצושיידנדיק מיטן וועלטאַל,
ווי לייכטער שניי,
ווי טרערנדיקער רעגן,
טאָן צו דער מאַמע־ערד אַ פאַל;
דער לעצטער שלום עליכם —
דער ערשטער געזעגן — — —

# סימפאָניע — הונגער

ס׳איז נײַנצנהונדערט און... הונגער אין פרילינג;
דער אוממידלעכער אַלטיונג-בחור-פרילינג אין העלע פּאַסן
האָט זיך נאַיִוו און אומזיכער באַוויזן אויף שטאָטס האָרבן;
ער שפּאַנט אַרום ווי אַן אויסקוקער איבער גאַסן;
נאָר ציוויליזאַציע רעוועט אים אַקעגן און שפּרינגט
ווי אַ לייב וואָס האָט שוין געפּאַקט זיין דערוואַרטן קרבן.

אַ זונטראָפּ איז דעם באַשעפערס אומבאַוווּסטזיין; וואָר!
טאַנצט עס אין רחבות ווייל סע ווייסט קיינמאָל ניט
נאָך וואָס און אויף וועמען ס׳וועט פאַלן גערן; דען גאָר
אַנדערש — אָ-אָה, וואָלט די זון היינט געדאָרפן פּראַלן,
איר גוס מיט פרישע ברויטלעך פּליוכען, אָנשטאָט שטראַלן, —
ניט לאַך, מענטש, ניט לאַך! מענטש, דו, לאַך ניט...

ווען סע פרילינגט פרילינג אויף אַ הונגעריקן מאָגן
פּליסט אומזיסט די זון אַהין — אַ געפאַלענע שוועסטער...
גאָרניט האָט זי שוין דאָרט וואָס צו וואַרעמען און לינדן;
גאָרניט קען דאָרט זומערליבלעך שפּראָצן די מילדקייט —
צאָרן איז לאַנג דאָרט פאַרזייעט מיט שפע דער גרעסטער;
ער איז רייף און וואַרט שוין אין אייפער אויף שניטצייט...

יאָ. מעטראָפּאָליע האָט צו פיל פון אַלץ, ס׳איז וואָר, —
כ׳וויל ניט זאָגן אַז דווקא — בלויז לוקסוס גרעסטער —
ווען האַרט ביי דער זייט אירער דער קאָלירטער אין מאַיאַר
ברומט אייגענעם מאָגן — אַ צעדולטער אָרקעסטער מיט אַ כאָר
פרילינג-געזאַנג פון נײַנצנהונדערט הונגער אויף הונגער —
מעטראָפּאָלישע סימפאָניע שטאַרקט דעם אַפּעטיט נאָכמער יונגער!

אָ־אָה,פרילינג! צום וויפלטן מאָל פרילינגסטו, פרילינג?
מיליאָן־ביליאָן־טריליאָן־קווינטיליאָן מאָל אַז סע פרילינגט שטאַרק
אַלע מאָל דער אוממידלעכער אַלטער בחור־פרילינג צעבליט...
נאָר תמיד וועט זיין אָט דער הונגער־פרילינג היים צעפרילינגט
וואָס באַקט פרילינג־ברויטלעך אויף אַ צעברומטן לײדיקן מאָגן! —
אַזאַ סימפאָניע־הונגער לאָזט הערן נאָטן פון גרויסן אַפּעטיט — — —

נאָר וויי, אַ בראָך! ער איז דאָך אין מאָגן גאָר אַ שפּיאָן
געשיקט פון ערגסטן, שטאַרק־צערייצטן שונא — לעבן!

1920

# אַ גרויס געזאַנג צום קברן

האָסט אויסגעפּוצט מיין מאַמען, —
ריין און ציכטיק זי אָפּגעוואַשן
און פאַרקעמט זי; פאַרשענערט דעם טויט.

זי ליגט אין איר זויג ווי אין זאָרגלאָזן שלאָף,
און קיין שרעק לויערט ניט פון איר,
און קיין איבל, חלילה, אויך ניט,
אַ דאַנק דיין געניטער האַנט פון פאַרשאַרן
און פאַרנאַרן קונציק אונדזער צעבליטן דמיון, —
אינעם צוקלעפּן אונדזער האַרץ
צו די מייסטערשע מעשים פון דיין באַרוף
אויף צו פאַרהוילן דעם טויט אַזוי גיך
פונעם לעבן, פון זיך און פון אונדז אַלע, —
אפילו פונעם מלאך המוות אויך, דאַכט זיך...

וואָרים ער איז דאָ פאָרט פאַראַן אָט דאָ,
און וווּנדערט זיך אַליין אויכעט
געפּלעפט פון דיין הערלעכער קונץ;
און מחמת פאַר זיין כבוד וועגן
איז די געוווּנשאַפט אויף זיך צו שרעקן,
און אין זיין קעגנוואָרט: וויינען און שרייען,
איז ער אָט דאָ צופרידן פון דער אומפאַרצווייפלטקייט,
וואָס מיר שטייען טאַקע אויך געפּלעפט און פאַרוווּנדערט
פון דיין הויכער אונדערטייקערשאַפט
וואָס קאָן אַזוי מאַגיש פאַרשאַרן,
אים, דעם אַלטן מיט גאָר-די-געוואַלטן, —
דעם טויבן, קרומגילטיקן טויט, (דעם לעבנס שאַנד)

און אַזוי־אַרום אונדזער דמיון פאַרנאַרן
אין אַ שטילשטיינשטאַנד
פון אַ שטוינערדיקן שטיין
מיט אומפאַרשטייענדיק שווייגן.

הער, ציוויליזירטע וועלט,
איך זינג דאָס גרויס געזאַנג:
. . . אַ לויב צום קברן,
אַ לעצט געזאַנג פון זאַנגען...

# אין סאַמע מיט — דער טויט

אַז דער טויט וואָס שנעלט אַלעמען אין נאָז
סיי מע איז שטיל און סיי מע רעדט,
כאַפּט זיך אויף אַ ווייל אַריין צו מיר,
(אַזוי גיך ווי גאָט פאַרלאָזט מיך)
קריכט ער שנעל אונטערן צודעק פון בעט
ווי אַן אמתער האָרעפּאַשניק שווער און מיד.
כ׳גיב תיכף אַ גיכן שפּרונג אַראָפּ — אַ פּאַסיקל קרייד,
און זעץ זיך פליסיק שרייבן אַ ליד;
איך מאַך זיך תם צי סתם ניט וויסנדיק גאָר
אַז איינער פון צווייטן איז ניט ווייט, —
די מחיצה — אַ זילבערנע האָר.
ער גיט מיר ביים אַקסל דעם אמת-שטאָכיקן ריר
און שושקעט, פראַנטיש, אין אויער צו מיר:

... רב ייד, ס׳איז בפירוש וואָר,
כ׳מיין, חבר מאַטעסל, צדיקל-וועגעטאַר,
זע אָקאָרשט ווער עס שטייט לעם דיר
איידל פאַרנויגט צוליב דיין כבוד וועגן,
מסתם טאַקע פונקט אין דער ריכטיקער צייט...

כ׳גיב האַסטיק מיין קאָפּ אַ דריי הין און קריק,
און דערזע זיך ליפּ צו ליפּ מיט אַלעמענס האר,
איך צילעווע מיין פּען מיט איר גאַנצער שאַרף
וואָס איז פול מיט זאָט ווי אַ צעפּליסטערטע האַרף
און גורט זיך אָן מיט אַ פאַרמעסט אויפן טויט.
ני, אַ, מפסיק! אָט זע, בפירוש, אָט, אָט:
איך שרייב אַ ליד אוים מורא פאַר גאָט.

עס ווערט דער אכזריותדיקער טויט הכנעהדיק שטיל
פון מיינע טרעפּלעכע פּאָעטישע שורות געגלעט,
אַזש איך קריג ווייכהאַרציקייט אויף אים: נו, אַט, עט...
נאָר אויסדרייען מיין קאָפּ צו אים וואָג איך ניט.
איך פיר בלויז דורך אַ דועט, רק ווייך גערעדט:
טאָ, וואָסזשע ווילסטו איצט אין סאַמע מיט פון ליד?
אַ ליד, — אַן איינציק-אמתער לעבנס פּאָרטרעט.
דעריבער שטייט ער שוין במחילה פול מיט דרך ארץ-וועגן;
אויב ניט פּאַר מיר דעם וועגעטאַר און דעם ייד,
איז אַוודאַי און אַוודאַי — פּאַרן ציטערדיקן פּאָעט
מיטן יידישן חלום — — — אַקעגן.

## ווען גויאישע געטער שטאַרבן

איך וויל דיך אָנקלאָגן, גויאישע וועלט ;
שווער אָנקלאָגן אויף דור־דורות,
אָנקלאָגן לחומרא, —
אויף מיין עניוותדיקן פאָלק־מאַמע־לשון, אָנקלאָגן ;
אינעם לשון פון די דינסטן, צדיקים און מאָדערניסטן
וועל איך פאַרקינדיקן דעם פסק־דין דיינעם, וועלט :
ווייַ איז צו די גויאישע געטער דיינע,
וואָס שטאַרבן אַ ברואימדיקן טויט, —
ווי ס'איז וויל באַקאַנט אינעם אָנהייב צוואַנציקסטן י"ה.
צום גרייז און צום קינד,
דורך שרעקאַנטווישונג פון ווייַ און ווינד.
ווער נאָר ס'איז אָנגעקליידט (אַ דאַרער צי אַ פעטער)
אין דיינע ראַשרווישיקע ציוויליזירטע בלעטער, —
צו אים איז גוט באַוווסט די פגירה פון דיינע געטער.

אין פאַרגלייך מיט אונדז , די כודעאָס, די יודן,
די זשידעס און שינים — אונדזער וועלטלעך אַדלשטאַם ביי דיר ;
אַ ירושה פון דער גרוים־פאַרשטאָקטער קריסטליכער באַרימטקייט
וואָס איז פאַר אונדז, געלאַטעטע, קיינמאָל נישט געווען
קיין פאַרטאָגטער טאָגן אויף אַ געלייטערטן טאָג ;
נאָר אויף אָפטע שוואַרצטאָגן און שוואַרצחגאס.

ערגאָ. גלייב, כ'וועל אַלץ פאַרגעסן, כאָטש איך קאָן עס
בשום אופן ניט מדחה זיין פון מיין זכרון.

אָ, איך דערמאָן עס איצט, גויאישע וועלט, בלשון מגו;
וואָרום אין פאַרגלייך מיטן הייפעלע, יעקבס, האָסטו דאָך
געטער — טויזנטער, און טעמפּלען — צענער־צענדלינג טויזנטער.
און אָט זע, ווי שפּינוועבדיקס האָסטו איינצייטיק, אָן נחמה,
אַזוי גרינג זיי אויסגעלייגט אין פרומע רוּינען שטומע —
אַ קאַוואַלקאַדע פון דיין שטענדיקן תכסיסי מלחמה.

און איצט, הער ווי איך, דער פאַנאַטישער פּראָזעליט,
דער ערשטער השכלהניק און דער ערשטער קאָסמאָפּאָליט,
שטיי נאָך איצט אויך קעגן דיר ווי אַ גאַנצער ייִד,
און האָב געגוג כח צו זאָגן דיר, גויאישע וועלט:
האָסט ווי אַ טמא־פּייערכוואַליע,
אין דיין באַזויפענער סאַטורנאַליע,
אַלע דיינע געטער, די גרעסטע, אויפגעגעסן
און דו האָלטסט שוין ביים לעצטן געטל דיינעם — דעמאָקראַטיע!
דעמאָקראַטיע, דו לעצטער פּלאָנטער פון דער בורזשואַזער אוזורפּאַטיע!
אָ, וויים, כ׳וועל זיך תמיד האַלטן מיט מיין אייגענעם  א נ כ י!
ווייל ס׳איז גוט צו ציטערן פאַר אים ווי אַ קינד;
וואָרום אין זיין גרעסטן צאָרן אפילו איז ער דאָך
נאָר מיט אונדז און האָט אַלע ברואים אין זינען נאָך.
דערפאַר שרייט ער אַזוי און דונערט בלויז: ל א  ת ר צ ח!

## דער מענטש — דער אַלצדינג...

דאָס קעצעלע עסט אַ שטיקעלע פיש,
מיאַ־אַ־ווקעט עס.

דאָס הינטעלע גריזשעט אַ ביינדעלע,
האַווקעט עס.

דאָס פייגעלע עסט אַ קערנדל,
זינגט עס צוויט, צוויט!

דאָס קיעלע עסט אַ פּאָר בולבעלעך,
מרו־ו־קעט עס.

דאָס אייזעלע עסט פּאָלאַווע,
בריקעט עס.

דאָס וועלפּעלע עסט אַ שעפּסעלע,
וואָיעט עס.

דאָס מאַלפּעלע עסט באַנאַנעלעך, ניסעלעך
קלעטערט עס, קוויטשעט עס.

דאָס חזירל עסט אַלצדינג,
כּ־כרו־ו־קעט עס בלויז.

דער מענטש עסט אויך אַלצדינג,
מיאַווקעט ער, האַווקעט ער,
מרוקעט ער, כרוקעט ער, קוויטשעט ער,
קלעטערט ער, בריקעט ער, וואָיעט ער, —
אַ בייז וועלפּיש וואָיען, אַ ראַסאָוון זעלבסטנישט
וואָיעט דער מענטש — דער אַלצדינג...

# גאַנץ גאָט...

אַלע האָבן מיר זייער שטאַרק ליב — גאָט,
אַ סך — גאָט, אַ גרויס שטיק — גאָט;
נאָך און נאָך — גאָט.
און ווייל קיין פּיצעלע וויל קיינער ניט —
אַ ברעקלקייט, אַ שטיקלקייט, אַ ברייזנקייט;
אַדרבה, יעדערער באַזונדער וויל — גאַנץ גאָט;
דערימעך האָט קיינער גאָרנישט ניט אין זיך — גאָט.
וואָרים אַלעמענס מאָטאָ איז: איין גרויסשטיק גאָט;
דאָס אַלגרעסטעסטע שטיק גאָאָאָ—ט.
טאָ צוּוואָס אַ ברייזנדל, אַ ברעקעלע, אַ קרישקעלע
אויב מ׳קאָן נישט קריגן — גאַנץ גאָט;
ט׳מען וואַרטן, ס׳איז נאָך דאָ צייט;
אויב מ׳קאָן נישט האָבן דעם איינציקן,
דעם אַלגאָטיקן, גיטיקן גאָט — אלהים;
איז — — — גאָרנישט וואָס איז שייך צו רעדן, —
ס׳איז ניטאָ וואָס צו ריידן;
אַז מען וויל דווקא נאָר דעם גרויסן א י ם...
איר זעט דאָך — מקפּידים!
מיר וועלן בוודאי זיך דרייען אין מידבר פון — — —
קרום־שטום־אַנאָנים;
וואָס סיווויסיי פירט עס אונדז
צו דער צווייטער געגאַרטער העלפט פון — — —
אלהים. אלהים. אלהים.
אַלץ ניט גאַנץ גאָט,
נאָר אַן אָנהייב העלפט פון א י ם — — —

## ווער דאַרף אַ פּאָלק?

ווער מאַכט אַ פּאָלק
סע זאָל זיין גאַנץ-פּאָלק?
ווער מאַכט אַ פּאָלק-לשון?
ווי אַזוי מאַכט מען אַ פּאָלק?
וואָס איז אַ פּאָלק,
אויב ס'איז נישט געמאַכט ווי אַ פּאָלק?
גאָט, דאַרפסט אַ פּאָלק?
איין-איינציקן מענטש האָט ער געדאַרפט —
האָט ער געמאַכט צו זיך אַן אָדם.
אָבער ווער דאַרף מער ווי איין מענטש?
יאָ. איינעם דאַרף אפשר יעדערער:
אָבער ווער דאַרף אַ פּאָלק?

שפּראַך דאַרף אַ פּאָלק.
אלף-בית דאַרף אַ פּאָלק.
דער יידישער אלף-בית וויינט:
כ'וויל אַ יידיש פּאָלק און אַ גאַנץ יידיש לשון.
דאָס יידישע וואָרט שרייט:
גיט מיר אַ יידיש פּאָלק.
דער יידישער געדאַנק צאַפּלט זיך ווייטיקדיק
אין יידישן מוח און קרעכצט:
ווען איך האָב כאָטש אַביסעלע פּאָלק,
אַ קליין, טראָפּעלע פּאָלק פאַר מיינע לעפצן;
ס'וואָלט מיך דערקוויקט, לשונדיק-אידיאָמאַטיש;
דערהאַלטן מיך ביים לעבן. —
אָך, ווי איך נייטיק זיך אין אַ פּאָלק.
איך, יידישער געדאַנק, דאַרף אַ פּאָלק.

## דיכטער און קריטיקער

דער דיכטער דרימלט און די הענט זיינע סטאַרטשען
אויף די ברוסטרייפן פאַרליגט ווי צוויי גאָפלען,
דער קריטיקער כראָפעט און די הענט זיינע רוען
אונטערן קאָפּ פאַרפלאָכטן ווי אַ לאָרבער־קראַנץ.

דער פּאָעט נישטערט אַ ליד ביים לאַנגזאַמען לייענען
מיטן אינסטינקט פון אַ יאַגד־הונט — פּאַרטאַיעט.
דער קריטיקער — קאָלויטצעט צווישן טאָוול און טאָוול
ווי איין שכנה מישט דער צווייטערס טעפּל פּיראָגן.

דער דיכטער טראַכט בלויז היציק, ערשטהענטיק, אויטענטיק;
דער קריטיקער — גוואַלטיק־קאַלטיק, צווייטהענטיק.
דער דיכטער קוקט אין דער וועלט אַריין פאַרגאַפעט בלחש;
דער קריטיקער — טייטלט אין איר אַריין אויף להכעיס.

דער דיכטער טראָגט אַריין אַלע קונסטעלעמענטן אין ליד,
דער קריטיקער, קאָמיש און צעטראָגן ווי בשעת אַ שריפה,
טראָגט אַרויס דאָס צירונג און דעם הייסן עפּלשטרודל
און פרייכט, קייכט, סאָפּעט מיט באַווייזן — ער ראַטעוועט!

דער דיכטער שטרעקט אויס זיין האַנט אין דער פינצטער
נאָך זיין בלייער וואָס ער לייגט זיך יעדע נאַכט צוקאָפּנס;
דער קריטיקער — ציט־צו דאָס שלאַנגפּאַרמיק נאַכטלעמפּעלע —
ער מוז נאָך בלי־נדר פאַרן שלאָפּבאַפּאַל, עפּעס בלעטערן...

דער דיכטער וואַשט דאָס מויל און די אויערן פון דער וועלט,
דער קריטיקער — שפּריצט־אָפּ־איר אויף די פּאָותלעך אַ שאַמפּו.
דעם דיכטערס רייד גורען זיך אין אַלע אברים אַריין,
דעם קריטיקערס — ראַיען בלויז אין דער גאַל אַריין...

## סוזי קעין רויכערט אַ סיגאַרעטל

דאָס סיגאַרעטל איז כמעט אויך אַ גאָט,
ווינציקסטע — אַ מלאך־גואל פאַר איר —
דער פיטיטנער פרוי, דער סוזי קעין.
נאָר אָנטהויען איר אַ רויִק וואָרט אין מויל?
ס'וואָלט זיין ווי דער מאַלפּע אַ בלאָט שפּינאַזע.
הענטלעך? דווקא קליין; נאָר... ווו טוט זי זיי אַהין?!
אָ־אָה, דאָס סיגאַרעטל! און איר מיילכעלע פּראַוועט שוין פּאָזע
וואָס גליטשט זיך — אַ שליטל אויף ליפּנבערג ווערמילין;
עס לויפט. עס יאָגט. עס פליט — דונער־בליץ!

אַ פאַרצי דאָס סיגאַרעטל און מבול־רייד האָגלען.
אַ סמאַקע דאָס סיגאַרעטל און ווערטער וואָגלען, זאָגלען.

זי ווערט גאָר־גאָר הויך; זי שטייגט אויף פליגלען.
אירע רייד פאַרפלייצן טאָלן; שוימען אַריבער היגלען.

אירע כוואַליעס טראָגן אייך, יאָגן אייך — אַ ניכפּהדיק ווען.
זי האָט און האָט — דערפאַרונג — אַזוי שטוינט מען.
זי איז און איז — אָנגעלייענט — אַזוי מיינט מען.
אַלע מיט פאַרגאַפּטע אויגן שמייען איבער איר מיט ווינטיקן גלעטל
נאָר ווי עס ברענט־אויס איר סיגאַרעטל, איז זי פאַרטיק!
שטום, דערשראָקן, קאַלט, פאַרגליווערט — אַן אַרקטיק...
זי פאַרצווייפלט, זוכט געשווינד, נערוועז אַ... סיגאַרעטל!
און די ברוטאַלע צייט?! „אַ בלעקאַוט" מיט אַטעמלאָזע.

נאָר שוין. עס פינקלט דאָס סיגאַרעטל אַ דאַנק דעם שדכן אַמאָרן.
און די פּיטימטנע פּרוי, ס׳גאַנצע לעבן רום־אַרום; די מאַנצבילשע כאָרן;
צוריק אַרויף געזיכערט אויף די רעטונגסבייגל פון איר רויך...
און זי? אַ סמאָקע, אַ פאַרצי; פּאָנסע דעליאָן! סיגאַרעטל; דו מלאך־גואל!

דאָס לעבן איז פּרעציעז! פול מיט שאַרם און שאַרפן חן,
ווען עס רויכערט אַ סיגאַרעטל די פּיטימטנע סוזי קעין — — —

## פאַפּיר — דו גאָט פון אַלע געטער

(אַ נייע תחינה פון שרה בת־טובימס אוראיינִיקל)

ווער קומט צו דיר ניט אָן אין זיין אייגענעם גורל
געקלעמט? די גרעסטע שרעק ביסטו, אָ, פּאַפּיר!
ווער זיצט ניט געקנוילט איבער דיר אין קלעמגרויל
פאַרצוקט און גאַרט ניט צו וויסן וואָס אויף ד י ר

טראָגט אום פּאַטומס פּסק פון לעבן? טויט? אָ, פּאַפּיר!
מעכטיק, גערעכטיק ביסטו אין אַלע דיינע געשריבענע פּאַזן;
דען ווער בוקט און רוקט זיך ניט אין שיפלות פאַר דיר?
ביסט דער לעצטער גאָט פון געטער אין אַלע דיינע פּראַזן...

מלחמות דערקלערט מען מיט דיר
און אָפּשטעלן זיי, ווער שטעלט אָפּ
אויב ניט דו, געחתמעט פּאַפּיר?!
דו, קרוין פון ציוויליזאַציעס קאָפּ...

לעבן, טויט, ליבע — ס׳גאַנצע דאַברע מזל ביי דיר.
געזעץ, קונסט, אומשטערבלעכקייט? אוודאי!
טאָ זײַ גוט צו אונדז, קוואַל מיט תפילות, פּאַפּיר!
מיר גלייבן פּאַנאַטיש אין דיר, פּאַפּירענער א ל ־ ש ד י...

מיר בלאָנדזשען אום איבער דיינע ווייסע פּליינען
און פאַרלירן זיך אין דיינע מוילמײַליקע מדבריות;
לאָז ניט צעטריקענען אונדזער מוח פון זאַמדיקע מיינען
וואָס צעהויבן די שטויבן אין כלערליי פּורעם...

דורך דיר אונדזער געבעט און געשריי צו די הימלען;
אויף דיין ווונקבאַפּעל ברענט-מען-אוים פעלקער;
טאָ וועק-אויף דעם שלום! לאָז אים ניט דרימלען!
שטעל אויף די פּיס, אין די תפיסות, די מחנות וועלקער...

אָן דיר, באַטינטיקט פּאַפּיר, בלייבן מיר פאַרוואַרלאָזט
און נישטיקער פון דער בלאָטע אויף אונדזערע שיך.
דו האָסט אונדז אַרויפגעבראַכט פונעם דזשונגל פּראָסט
און פּשוט; טאָ פלאָנטער-אויף מענטשס פילזיכיקן איך...

# דער מענטש אין איילפּאַרב

ער איז אַ מענטש וואָס האָט קיינמאָל ניט געלעבט
אונדזער מענטשלעך-ערדיש לעבן,
ער איז אַ מענטש בלויז אין איילפּאַרב-זיין,
ער איז ווייט באַוווּסט צו פילע דורות,
מער ווי אַ סך וואָס האָבן געטאָגט און גענעכטיקט
מיטן לעבן אין איין העמד, נאַקעט אונטער איין קאָלדרע.
אָט דער איילפּאַרב מענטש איז פיל מער אָנגעזען
און חשוב (פון באַרימט זיין איז אויסגעשלאָסן)
דוי מאָסן לעבעדיקע וואָס האָוען נעבעך
כּדי זיך אַביסעלע אָנזען פאַר עמיצן אָט-אָ-דאָ;
דער איילמענטש רייסט ביי אונדז שטיקער אויפמערקזאַמקייט;
ער וויל מיר זאָלן אים טראָגן אין האַרצן, אין מוח,
לעבן מיט אים מער ווי מיט גאָלע מאַנפרוי פאַרליבטקייט, —
טאַקע אַרויפקוקן צו אים מיט פיל מער רעספּעקט
ווי סתם צו אַ מענטשן וואָס מען באַגעגנט אין גאַס.

איך בין מקנא דעם מענטש אויפן איילבילד,
כאָטש ער איז קאַלט און כמו לעבעדיק, —
איז ער פאַרט געשאַפן צו זיין אַן אייביקייט,
און מענטשן וואָס זענען קאַרג צו צעשמעלצן
אַ טראָפּן עקסטאַז פאַר זיך גופא
פלייצן מיט חלבדיקן ענטוזיאַזם פאַרן איילפּאַרב-מענטש.

אַז וואָס איז דאָס חידוש גאָר,
ער זיצט אויפן בילד אָט־אַזוי־אָ, ניט אַנדערש
ווי נאָר אין אַ יומטובדיקן תמיד;
פֿר טוט ניט אויס די תפילין
און וויקלט זיך ניט אויס פון טלית —
אַ מדרגה וואָס דער לעבעדיקער שטרעבט צו דערגרייכן:
צו זיין איינגעוויקלט אין אידעאַלן און אויסגעטאָן פון אַלעס...

# אַ פליגעלע אין האָניק

אַ ברוינפּעניצדיק וועגעטאַריערל
אויפן ערשטן אָנבליק — אַ „שוויענטע דוך״ !
זיצט מיט זיין פּערטל הינטערשט באַם ברעג טיש
און קייעט אַ פולווייצנדיק שטיקעלע מצה ;
ער מאַכט אַ צוזאַמענלייגעכטס פון פּוטער-קעז,
האָניק, סאַלאַטע און וואַטערקרעס,
אַ פליגעלע זשומט אַרום ווי אַ באָמבע-וואַרפער
און סע טוט זיך אַ ריס צום שעלעכל זיסקייט.
עס פליט פאַרביי דעם וועגעטאַריערם מויל מיטן פּרעס
און סע ווערט נבהל ונשתומם אַריינקוקנדיק אינעם קראַטער :
אַזויפיל ווייסע שפּיציקע סקאַלעס און אַ מוראַדיקער תהום, —
אָן אומענדלעכע היציקע טיפענייש.

עס ווערט מבולבל פון גאָר-דערשרעק
און פאַרלירט די פליענדיקע גלייכגעוויכט ;
עס לאַנדעט קוים אויפן באַרגשפּיץ — רויטע נאָז.
אַ דאַר הענטעלע ווי אַ כינעזיש קראַצשטעקעלע
גיט אַ געשווינדן באַץ, דאָס פליגעלע פּריטשמעלעט זיך
און ס׳ווערט פאַרשמיסן אין סאַמע שיסעלע האָניק אַריין.
דאָס סענסיטיווע וועגעטאַריערל ווערט צעדרומדזשעט
און מעדיטירט : שמשון ! אברהם אינעם קאַלעכאויוון,
היינט דניאל, דניאל אין לייבנגרוב...
און דאָ, ווי אַ קריכפלאַנץ דראַפּעט אים דער געדאַנק :
האָניק קומט פון בינען — לעבעדיקייטן
און אין היינטיקע פאַשיסטישע שנים-נוראים
מעג מען אוודאי און אוודאי ראַטעווען
אָן אָרעם פליגעלע פון אַ זיסן טויט.

ער ציט אַרוים דאָס פּליגעלע פונעם טויטס קלעמענזיסקייט,
נאָר צווישן זיינע האַניק־פינגער ווערט עס צעקוועטשט.
ער וואַשט תּיכּף אָפּ זיינע הענט ווי פּילאַטוס
און שעפּטשעט צו זיך אין אויער, אַז גאָט זאָל אויך הערן:
אַזאַ זיסינקער טויט אויף אַלע היטלעריסטישע גדעכענישן;
ער פאַרלאָזט דעם טיש וואָס קוקט אוים צו אים אַ שלאַכטפעלד, —
ווער קאָן עס איצטער עסן שמורה־מצה אין צוזאַמענלייגעכטס
אין דער אַנוועזנהייט פון אַזאַ שוידערלעכן בר־מינן? — — —

## ביכער און פרויען

ווען איך דערזע ביכער ווער איך
צעפּוזשעט און אויפגערעגט טיף אין זיך.
עס ווערט אויפגעוויקלט אין מיר בליצגיך
ווי אין יוליקער זון, קנאָספּן, ערשטלינג-בלומען;
אַזאַ ריזלדיק, רעגנדיק, פּלאַטערדיק זשומען;
סע הייבט אָן אין מיר צו מאַניען און צו נאָיען
ווי איך וואָלט געשטאַנען פאַר נאַקעטע פרויען
וואָס שרעקן ווי שאַרפע פעלזנשניטן און דראָען
מיט מאָדנע חלומות און סופן וואָס צעבראָיען
מיינע אברים אין געפּלעפטן יאָמערלעך וואָיען, —
פאַרוואָס ווען איך דערזע רוקנס פון ביכער
בלייב איך צעפּוזשעט ווי פאַר רייצנדיקע פרויען;
כ׳וויל אַלע בלעטערן, בלעטערן — לייענען וואָס גיכער,
כ׳מאַך הונגעריק אויף בוך נאָך בוך,
ברען מיט ציטער אינעם דורשטיקן זוך
וואָס קאָיעט און רייסט זיך ווי הייסער געוויכער
אינעם וואָרטשאַפט פון צעאַקערטן מוח — פרויען און ביכער.

## דער פלאַם ברענט אָן קנויטן

דער פּאָעט קאָכט אַ מאכל
אויף פּאַפּירענעם קאַכל.

דער פלאַם ברענט אָן קנויטן
און דאָס טעפּל קאָכט ריטמען.

דער מאָגן בונטעוועט זיך
אין אַלע זיינע טאָלן
אמאי ניט־אים נאָר דאָס געקעכץ היט מען.

היינט דאָס געקעכץ אַליין, נעבעך
עס בעט זיך רחמים: טו מיר אַ מיש,
כאָטש קער אַ קאַפּיטשקע איבער;

נאָר דער פּאָעט ליגט איבערן טיש
אין הוילן שמחת־תורהדיקן פיבער —
ער בראָקט אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט,
גיסט טינט ווי בוימל־פּלים;
שניידט פּאַפּיר ווי לאָקשן
און זיין פען מישט דעם לידער־טאָרט
וואָס איז זויער, ביטער און פּאָרט זיס.
ווען דאָס מאכל איז פאַרפאַרטיקט
איז שוין אַרום דריי פונט אַזייגער
און ווי ס'איז דער שטייגער,
זוכט ער פאַר דעם אַ בעסטן לייענער,
אָט איצט וואָלט ער געוווּנטשן
אַז כאָטש עמיץ נאָך איינער
זאָל עס צוזאַמען מיט אים אַזוי אייגנאַרטיק
פאַרזוכן ווי עס שטייט־און־גייט — אומאַנטאַרטיקט...

## אינטערליוד

זונאויפגאַנג און פאַרגאַנג.
פיר זמנים פון צייט (אין פיין)
קעמפן מיט רוגזה צו געבערן,
צום אויפשטייג, צום ווערן, —
עקזיסטענצלען אין דינאַמישן זיין.

איין באַרגטאַליקע קייט פון גרויזאַמע מלחמות
אין אַלץ און אין אַלעמען, (אַ נישטשאַנעווען),
נאָר אַרום די ברעגן פון שטורעמדיקע שרעקן
ווימלט זיך און וואַקסט דאָס לעבן —
האַלט זיך אויף דאָס לעבן, אויף בלוטיקע שטרעקן.

אָ, דער בן-אדם איז גרייט,
מיט זיין גאַנצן לייב-און-שטרעבן,
פאַרזעצן די וועלט-מענטש-שפּיל
פון גאָט-טייוול-מענטש-לעבן.

ער ווייסט, די וועלט (כאָטש אינגאַנצן גענומען)
ברענגט אים אַן אייביקן (מענטשגעש...) אין זיין חלום,
פונדעסטוועגן וויל ער מיט איר נאָך מאַכן שלום, —
אַרומרינגלען בלויז (דאָסדאָסיקע) מיט לעבעדיקע בלומען — —

# אַ חלום פול מיט יידן

ס'האָט זיך מיר געחלומט
פראָסטע יידן מיט בערד,
פאות און בעקעשעס —
געשלעפּט ביז דער ערד.

אַלע האָבן מיסטיש און לויטער
ווי שטאָלצע צדיקים אויסגעקוקט;
נאָר די אומרויִקע בלייכע פינגער
האָבן אין בלעטער געזוכט און געצוקט.

איינער האָט פון אַ טעגלעכער בלאַט
געלייענט, געשאָקלט זיין קאָפּ צום טראַפּ:
משיח מוז קומען, ס'איז שוין ערב קץ,
די וועלט קייקלט זיך אין חושך אַראָפּ.

ס'איז מיר אי פריילעך אי טרויעריק געווען
דער חלום אין מיין האַרץ, אין מיין מאַרך.
אָנרירן געלעכצט האָט מיין האַנט אַ פּאה —
נאָר געשטאַנען ווי פאַר אַ קונסטיקער זאַך.

וויי, וואָס פאַר אַ יידישער פּאָעט בין איך
וואָס זעט זיין פאָלק בלויז אין חלום ווי יידן,
און ניט אין ליכט פון טאָג ווען דער ייד בּייט אום
זיין געשטאַלט און ווערט פאַרענדערט, פאַרשידן.

## איך בין פיל מאָל מיט אַלע קדושים מיטגעשטאָרבן...

מיט וועמען בין איך דען שוין ניט מיטגעשטאָרבן?
מיט הבלען, מיט משהן, און מיט רבי עקיבאן, —
אויף אַלע ברענענדיקע און גערויכערטע שייטערס
געווען בין איך אין זייערע אַלעמענס מיתות.

ניטאָ שוין מער ביי מיר פאַרן טויט קיין ברייזן קרבן,
מיט אַלע קדושים און מאַרטירער פון דער וועלט
בין איך אין אַלע צייטן פיל מאָל מיטגעשטאָרבן.

וואָס געטאָנגעוואָרן ס׳איז צו יעדן קדושדיקן הרוג,
פונקט דאָס נעמלעכע מיט מיר איז אויך אַזוי געשען, —
קרייצצוגן, פּאָגראָמען — אין מיין אומקומדיקן טויטנגוס
געווען בין איך מיט סאַוואָנאַראָלן און מיט אַ סך ווי יאָהאַן הוס.

און אפילו אויך מיט אים — דעם זון — דעם לעגענדאַרן,
וואָס פיל מאָל צוגענאָגלט האָט מען מיך לעם זיין יסורימדיק געזיכט;
מיט הירש לעקערט, הערשל גרינשפּאַן און מיט אַלע זשאַרן
פון סאַקאָ-וואַנזעטי וואָס מ׳האָט אומרעכטיק עלעקטראָפירט.

ניטאָ שוין מער ביי מיר פאַרן טויט קיין ברייזן קרבן, —
מיט אַלע קדושים און מאַרטירער פון דער וועלט
בין איך אין אַלע צייטן פילמאָל מיטגעשטאָרבן
מיטן יידישן חלום אַקעגן...

מיט אַלע קדושים און מאַרטירער פון דער וועלט
בין איך אין אַלע צייטן פילמאָל מיטגעשטאָרבן,
נאָר מיט די יידישע טעכטער, די הייליקע דריי און ניינציק,
בין איך אין זייער אויסדערוויילטן זעלבסטמאָרד־נצחון,
דריי און ניינציק מאָל באַזונדער געשטאָרבן, געשטאָרבן.

נאָר מאָדנע ווי סע איז דריי און ניינציק מאָל צו שטאַרבן
אין איין מאָמענט אויף דערזעלבער אומעקלעכער טויטנשטריק;
ס'האָט דעם יידנס שטאַרבן זיין אייגענעם טויטאַלן וווּנדער
וואָס מאַכט אים דורכן סאַמע טויט געבאָרנווערן עקשנותדיק צוריק
מיטן יידישן חלום — אַקעגן...

# איך זע ניט מיין פאָלק מער...

איך זע ניט מיין פאָלק מער
אויף זשוויבנדיקע יאַרידן,
עס שטומט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער
און אין שיפלעך אויף כוואַליעס פאַרטריבן.

איך זע ניט מיין פאָלק מער
אין מאַרק און אין קלייטן,
עס קלעמט אין געטאָס־אייזערנע־רייפן
און פרירט לעם גרענעצן אין קייטן.

אָ, פרייהייט, פאַרוואָסערע זכותן ד י ך
פאַרזיך, פאַרדינט אַזוי, האָב איך עס?
צי דען בין איך און מיינע ברידער
פון געטאָס ניט פונעם זעלבן יחוס?

ווער קען עס מיט ציפער אויסמעסטן,
צי דאָ, אונדזערע גייסטיקע ליידן,
צי דאָרט, אונדזער פיזישער ווייטיק,
איז ניט ווייטער איינס פוןביידן?

אָ, פאַרוואָס קומט מיר אויפן זינען אָדעם?
די שטאָט יעהופּעץ — שלום עליכמס געלעכטער?
און אַז נחמן ביאַליק איז איצטערט אַ מת?
און צי איז טאַקע אַמאָל געשען מיט אונדז אַ נס אַ רעכטער?

## ווען אַלץ איז אויסגעטאָן

מיינע שיף אין ווינקל
בענקען נאָך מיינע פיס.
און איך אין סאַמע רויש פון וועלט,
צעבלוטיק בענק נאָך מיין פאָלק.
מיין פאָלק האָפקעט ניט —
דער ים זינגט איבערן געביין
פון מיין פאַרזייעט פאָלק
אין אַלע גרונטן — — —
די ערד איז אַרויסגעריסן
פון מיין פאָלקס לויפנדיקע פיס;
אָ, ערד! איינגעשרומפּענע קאַרגשאַפט!
ביסט מענטשהאַרציק קליין
און דיין גויאישער חן אַזוי ווויל
אינעם יאָר ניינצן הונדערט
איינס, צוויי, דריי, פיר, פינף,
זעקס און פערציקסטן — גרויל.

## ס׳איז אַזוי, דער נאַצי־פאַשיסטישער גוי!

אונדזער יידיש פלייש איז ריין;
ס׳איז דאָס בעסטע — ס׳איז זיס;
אַ סימן: די וועלפישע, נאַצי-פאַשיסטישע ציין, —
זיי ווערן די כפּרה דערפאַר...

זייער פלייש מוז זיין ביטער און מיאוס;
האָדעווען זיי אונדז מיט קלעפּ אין־לשער
אין דער וואָכן. כדי קוילען אונדז אויף יעדער חגא.

אָ, הייסע וואָר; קאַלטע און שטאַרע וואָר!
אונדז הרגעט דער גוי אַזוי און אַזוי
אין אַלע זמנים פון יאָר —
סיי אין וואַלד און סיי אויף יאַרידן, —
בלויז דערפאַר און ניט פאַר גאָר,
נאָר ווייל מיר זענען יידן, יידן.

זאָל אָט-דאָס בפירוש גאָר אַזוי זיין?
אַי, פאַרוואָס טאַקע, דו ליבינקער גוי מיין,
אָ־האָ? זיין־צי־ניט־זיין —
אָט די באַרימטע פראַגע וואָס הויערט צווישן דיר
געפרעגט אַמאָל אין טעאַטער נאָר פון איין שעקספּיר, —
איז ניט דאָ די פראַגע, זי איז שוין אַלטווייליק.
איך מיין דווקא די אַלבאַקאַנטע יידנפראַגע, די לאַמע,
וואָס ווערט אַריינגעטייטשט אין דער שיילאָק-סטיכיע
פון יעדן חזיר-פלייש-פרעסער וואָס וויל אונדז מאַכן טמא...
נאָר, דו דאַרפסט ניט ענטפערן אויב דיר איז ניט ניחא, —
ס׳איז די פראַגע-שמאַגע במילא אַ קאַרגע.

אָט, זאָג בעסער, אמאי הרגעסטו, גוי, דעם גוי־גוי?
ער איז דאָך שוין געווים דערזעלבער אַזוי צי אַזוי?
צי ס'איז ביי דיר אַזאַ וועלט־חשבון: גוי־גוי — הרגע!

אָ, אונדזער יידיש פלייש איז ריין;
ס'איז דאָס בעסטע — ס'איז זים;
אַ סימן: דער נאַציפאַשיסט, פון זיינע ציין,
וויל עס אין זיין בעסטער רגע גאָרנישט קאַרגן.
נו, גאָט־און־וועלט, אויב אייך איז ליב און אים ניט מיאוס, —
טאָ זאָל ער שוין מיט מיינעם אויך, צעזעצטערהייט זיך וואַרגן!

# מיין זונס מעדאַלן

. . . פאַרפאַלן!
עס עפענען זיך ווידער קוואַלן
מיט פלאַמפייערדיקע קנאַלן
קוקנדיק אויף מיין זונס מעדאַלן...

פעלשט ניט ווי איר האָט
אַמאָל די „זקני ציון",
פאַרן קומענדיקן דור
זאָלט איר איינפאַך זאָגן:
יידן — ווי דער ים —
ברויזן מיט זייער געדענקען;
זיי פאַרמאָגן אַן אָנגעפּראָפּטן זכרון —
געדאַנקען פון געדענקען — אַן אַרב זייערס.

אָ, זיי געדענקען געשיכטע פון פּריצייט,
אַלטערטום און איצטשאַפּט — זייער רעטער.
דערהויפּט, די פון דער גאַנצער היטלער-מגפה
איז אַוודאי איבער אַלעם געדאַכטן און געטראַכטן
פאַר דורות פונעם צוואַנציקסטן יאָרשפּעטער.

איך זאָג עס צו די בני ביקסלאָזע יאַטן
פון אונדזער אויסגעחלומטער ווייטקייט;
געדענקט אונדזערע מעשים, אייערע טאַטעס' טאַטן...

אונדזער וועלט-ספר
מיטן נביאימשן עכאָ
האָט אויף אַלע שפּראַכן
פאַרקינדיקט דעם מאָרגן;

אפילו אונדזער וועלט־גאָלד
(דער אַנערקענטסטער מעדאַל...)
האָט מער אויפגעטאָן פאַר עטישקייט,
ווי זייער גאַנץ רעגירן פון טראָנען אַראָפּ.

זאָל עס אַזוי בלייבן פאַרשריבן
טראָפּ נאָך טראָפּ,
אויף די ווענט פון צעשאָסענע יידישע געטאָס,
אויף פעסטונג־חורבות, אויף צעלאָמעטע שליאַכן,
אויף די לעצטע יידישע טריט־געשריפטן אין וועלדער,
אויף דער מעוברתדיקער ערד מיט בני ישראלס קברים
פון גאָר דער אוקראַינע און פוילן
וואָס ניטאָ נאָך צו איר קיין שווידערדיקער גלייכן.

ווײ, דאָס ביסעלע שטאָלץ
פאַר די גילדענע מעדאַלן אונדזערע,
באַקומענע פון די גויאישע פעלקער,
האָט די יידישע אומה אויסגעצאָלט דערפאַר
מיט אַ שטענדיק־מזומנדיקער אויסגעשחטנקייט.
מיר האָבן ניט שטאָלצירט מיט דער הייליקייט
פון מלחמה־מעדאַל און אויך אים ניט באַמזמורט
ווי איר, די גיבער פון מעדאַלן,
איר זעלבסט האָט דעם נסיון ניט בייגעשטאַנען — פאַרשוועכט;
די אילוזיע פאַרן גאָלדענעם אָפּגום
האָט איר ביי אונדז אויסגעמעקט און צעשטערט.

אָ, ווען איך קען די שפּראַך פונעם מלחמה־גוי!
איך וואָלט עס גראָב אין זיין לשון פאַראַנקערט,
אָט דאָס אַלץ גראָב אין זיין פּנים שאַרף אויסגעמאָלן.
נאָר ער האָט ניט קיין איינציקע שפּראַך,
נייערט, אויף פילע לשונות הארבע
דאַרף איך מיין צונג שפּאַלטן, —
איך וועל שוין קיינמאָל ניט קענען
באַנעמען דאָס מלחמה־גויִישע לשון;

. . . פאַרפאַלן!
עס עפּענען זיך ווידער קוואַלן
מיט פלאַמפייערדיקע קנאַלן
קוקנדיק אויף מיין זונס מעדאַלן...

זאָל דער גומען פון יעדן ייד
צען מאָל געלעכערט ווערן,
וואָס וועט זאָגן געוואַגט:
... ס'איז קיין ליד ניט
אונדזער ליד פון מעדאַלן,
מחמת ס'איז דאָך ניט צום זינגען
אַזויווי אַ געזאַנגשטיק זינגט זיך...

פאַרוואָר ס'איז ניט אמת
אָט דער פאַלש־איינגעוווינטער גאַנג;
וואָרום צי איז דען ניט בילכער אַזוי
די וועלט־פילאָזאָפיע אין היטלערס צייט
פינקטלעך ווי דאָס עלנדע וועלט־געזאַנג?

אַ, הערט, איר יוגנטלעכע פונעם נייעם מאָרגן,
וואָס וועלן טראָגן דאָס צייטיקע וואָרט;
דאָסדאָזיקע וואָרט געדענקט ווי אַ פייערברי
אין די ביקסלאָזע טעג,
הערט, הערט, איר יוגנטלעכע פונעם נייעם, פרייען מאָרגן:

...נישט די גויִים פונעם ברית חדשה,
(דער בלוטיקער, הייליקער טינטער)
אויך ניט יענע פון דער פּאַריזער קאָמונע,
און ניט די קאַמעראַדן פונעם דריטן „אינטער"
אָסור, ניט די יידעלעך וואָס צעמישן אַלץ צוליב שנאה.

מיר האָבן שוין געהאַט גענוג מעדאַלן —
אַראַבישע, טערקישע, שפּאַנישע, דייטשישע
און גאָר די אַלערליי פעלקערשע קרייצן.
נאָר ווער האָט מיט פאַלשקייט געפעלשט אין זיי?
די גיבער!
ניט חלילה די נעמער...

. . . פּאַרפּאַלן!
**עס עפענען זיך ווידער קוואַלן**
מיט פלאַמפייערדיקע קנאַלן
קוקנדיק אויף מיין זונס מעדאַלן...

איך זאָג עס צום ביקסלאָזן דור
פון דרייסיקסטן יאָרשפּעטער:
ווי דער אָקעאַן ברויזן די יידן
מיט זייער שטענדיקן געדענקען;

זיי האָבן אַן אָנגעפּראָפּטן זכרון, —
געדאַנקען פון געדענקען;
זיי לעבן מיט דער פריצייט,
מיט אַלטערטום און מיט דער גרויליקער איצטשאַפט.

איך רעד צום דור פון פופציקסטן יאָרשפעטער:

פעלשט ניט אין אונדזערע פאַרדינטע מעדאַלן;
זיי זענען די זיכערע טעג, די כשרע נעצן
פון אַ זוניק-פאַראייניקטן אַלפעלקערשן לעבן —
דער גאָט פון איבער אַלע ביז איצטיקע געצן.

. . . פאַרפאַלן!
עס עפּענען זיך ווידער קוואַלן
מיט פלאַמפייערדיקע קנאַלן
קוקנדיק אויף מיין זונס מעדאַלן...

# פייערדיקע פייגעלעך אינעם דיכטערס קאַמין

(פלאַם־רעיונות צו חצות)

א

מיין הויז אין מיטן פון בלאָק;
כ'בין דער איינציקער ייד נישט פאַרריסן, חס!
מסתמא אויך ווי אַ פּאָעט — אַ פּאַק
ביי זיי אין דער אַמעריקאַנער וואַכיקער גאַס.

אויפן ראָג בויעט זיך אַ פילגאָרנדיק געביי
און אָפּפאַל איז פאַראַן, צו זיין קאַנדיד?
ניט שפּענער. קלעצלעך און טישעלעך
מערן זיך גאַלאָר ממש אַ פּיראַמיד.

גייט זיך דער מענטש, דער פּאָעט, דער ייד
און פּילט אָן אַ קערבל נאָך אַ קאָרב
און טראָגט עס אַן אַרב זיך פאַרן קאַמין;
גוט האָלץ צום ברענען; פול מיט פאַראַפין.

דער טאָג איז היים. אים — פּאָעט־ייד — הייסער.
פייגעלעך ריידן זיך איבער: צוויף! צוויף!
און טיו, טיו! זאַרגלאַז? צי פאַרהאַוועטער שמועס?
דער פּאָעט טראָגט דאָס צענטע קערבל מיט פּאַרדרוס.

אַלץ איז זינגעוודיקער שמיי אין זומערם אַרומעריי;
די בין, דער גראָזהאָפּסלער היפּט און צופּט שטעך נאָך שטעך;
און ער? ברעמענס טראָגט; ס'אַרא שטותעריי!
ער רעדט צום האָלץ מיט זיין פרייכיק־יידישן דעך.

און זיי? די קלעצלעך-טישעלעך, זענען פֿאַרדומממט.
פֿון סאַמע מיט גיט זיך איינס אַ ריר, אַ קרום:
אַ, וואָסי? ס׳ווילט זיך דיר אַ רעדטאָן פֿאַרטרוימט?
ניין. ניט איצט! — זאָגט אַ קלעצעלע דראָבנע שטום.

מיר האָבן צייט; וואַרט, וועסט נאָך אַמאָל הערן!
האָליץ רעדט בלויז אין פֿלאַקערדיקן ווידוי־שיר...
אַ מישיקער ריר גיט דעם דיכטערס זינען אין קלערן:
ס׳אַראַ פּראָזע; איר קלאַנג פּאַלט צו זיין אויער־טיר...

ב

ווינטער־קעלט קריכט דורך שטורעם־טיר־שפּאַלט;
דער פּאָעט קאָמפּאָזירט אַ נצחון־ליד; אַהער־אַהין;
ער דאַרף פֿייער. פֿייער. ס׳איז פּראָסטיק קאַלט!
פּרעסטאָ! אָנגעזאַמלט האָליץ צעפּלאַמט אין קאַמין...

ס׳האָליץ, דאָס פֿאַרדומממטע, צעפּלאַקערט; אַ באַלעט
אין אַלערליי פֿייערדיקע ספּיראַלן זיך צערעדט!
נאָר איצט זיצט גראָד שוין שטום דער מענטש; אַ סילועט
אין שטול געלענט, דעם קאַרק פֿאַרוואָרפֿן אויפֿן פּאַראַפּעט.

פּלייסיק בלויז דער רעגן דאַוונט טריב. דער זשוק, בין,
גראָזהאָפּסלער, אַלע פֿייגעלעך — אפילו די כיטרע שפּין —
אַלע פֿאַרטייעט ליגן אין שפּאַלטן ביים דיכטערס קאַמין;
זיי וואַרעמט איצט די פֿייערדיקע חכמה פֿון מענטשנמין...

ג

פֿיעראָ־בראַוועראָ; פּלוצלינג? אָ, ווי שטאַרק!
דאָס טיר־גלעקל קלינגט מיט צוק, מיט ליאַרעם
סקאָצל קומט! צעברעך דעם אויוון!

אויב ס׳איז ניט... זשאַן ד׳אַרק...
אַ טראָג זיך, טראָג, דו פייער־שפּיגל, טראָג זיך!
זע נאָר, אַ יידישער שכן פאַרגינט זיך...
נו, אוודאי, פּאָעטישע סביבה איז פול מיט שאַרעם!

דער קאַמין רעדט? צי אַ פייער־צונג מיט בראַנדיקן אָרעם?
פון וואַנען אַזעלכע משונהדיקע ווינטן? פון צפון? פון דרום?
יידישע פייער־פייגעלעך מיינע; הערט און געדענקט:
דאָס ברענשטאָף אָנגעקליבן און צעצינדן האָט דער פּאָעט;
ס׳איז אונדזער אַלטער **דם ואש ותימרות עשן** — — —
טאַקע? גייט שוין גייט; וואָס רעדט איר?!
פילאָזאָפירט ניט! ווער קאָן ווערן טעמפּ אין אויסגעלאָשן?!
אוי, פייערן! פייערן! קרעמפייערן — רעדט! רעדט!
פייער־פייגעלעך מיינע פון **דם ואש ותימרות עשן** — — —

ד

מיין מוח יאָגט זיך אויף אַלע אַלט־נייע פלאַמגעדאַנקען;
אַ מבול פון בליצן צעקנאַלט זיך אַקעגן אַטאָמישע טאַנקען!
איך פלי. איך פלי מיט אַלע פייער־פייגעלעך אַהער־הין
און מיט די זעקס מיליאָן וואָס וויכערן אין מיין קאַמין...

ה

ס׳רעגנט. עמעדיקע קעלטן ס׳געביין באַפאַלט — אַ אינוואַזיע...
פון וואָס דער פּאָעט טראַכט צי וויסט כאָטש איינער?
אות. וואָרט. שורה. פּאָעטיש לשון פון גערעדטע ביינער...
דו פייער־טראַכטשאַפט מיינע, פליסט אין מלחמה אויף פאַנטאַזיע?!

פליט, פליט יידישע פייער־פייגעלעך, פלאַמיק־שטאָלץ
און ווערט פון שטורעמווינטן קיינמאָל ניט אויסגעלאָשן.

זאָל פלאַקערן דיכטערישער געדאַנק צוזאַמען מיטן פאַרגרייטן האַלץ!
דו שפּרייאיקע פּראָזע, צעפינקלסט מיך פלעווערדיק צעדראָשן;
וואַרט אוים! כ׳פלי אויך אַריין אינעם דם ואש ותימרות עשן — —

ו

איך פלי. איך פלי מיט אַלע פייער־פייגעלעך אַהער־אַהין
און מיט די זעקס מיליאָן וואָס וויכערן אין מיין קאַמין
מיטן יידישן חלום — אַקעגן — — —

ז

זע נאָר, אַ יידישער שכן פאַרגינט זיך...
נו, אוודאי, פּאָעטישע סביבה איז פול מיט שאַרעם — — —

## האַרבסטיקע וועלט — האַרבסטיקער איך

די זון שיקט אירע שטראַלן, די מילדע, מיט קאַרגשאַפט
און פאַרוויקלט דעם גאַנצן אַרום מיט זמניקן אָפּגאַנג.
סוף־זומער־וועלט פאַרפלייצט איז מיט „הימלישע״ באַמבערס, —
דער ווינט, פאַר שרעק, קייקלט זיך אַוועק אַראָפּבאַרגשאַפט.

ס'איז האַרבסטיקע וועלט און האַרבסטיקער איך,
טריט מיינע — קליין, נאָך קלענער אין האַרבסטיקן גיין.
מיין טרויער — אַ שפּעט־זומער־פויגל, אַ בלוטרויטער,
היפּט אינעם בלעטער־שאָרך אַ הינקעוודיקן קריך.

נישטאָ היינט קיין מענטש שוין וואָס דער נביא קאָן שעלטן,
ס'איז האַרבסטיקע וועלט איצט מיט גראָזן פון דראָטן.
אַליין דער פּאָעט ציטערט פאַרן וואָרט נאָך מערער ווי תמיד,
ער וואַשט עס און נערט עס, פאַרפּאַקט עס פאַר קומענדע וועלטן.

עראָפּלאַן שיסט האַרבסטיק־שיפרירטע בלעטער פון הימלס־קופּאָלן,
ניט ערד און ניט וועגט זענען גראַד אויף צום שרייבן.
דער הימל — דאָס בעסטע פּאַפּיר פאַר גרויסע געשריפטן,
די ערד — פאַרן אָרך־אַפּים־סאָלדאַט — מיט ביקסישע עולן.

אָ, האַרבסטיקער ווייטיק! אָ, האַרבסטיקער, וועלטישער איכשאַפט־קאַטאַוועס,
וואָס קנעט זיך און קלעפּט זיך מיט שטאָפּן פון אויפריים אין שטראָפן,
און ווערט נאָך דער לייטער צום איכטום אַליין ניט מיט מאַרכיקן לויטער —
העי, מענטש דו, געטלעכער יחוס! טייפלשע בריאה! דו, לעצטער **בן־מוות**...

# איך־מין

(טאָפּלטער סאָנעט)

איך וועל פון דיר זיך ניט אויסדרייען —
מיינע פיס וועלן שרפען ביז אַש.
איך, אַ קערנדל צום פאַרזייען,
פאַר דעם אייבקייטס־מויל — אַ נאַש.

ניט חיה באַזונדער, ניט מענטש — באַדאַכט;
אַ בליץ — חיה און מענטש — צווייאיק־איין
פירט צו פלאַמיקייט געדאַנק — העלפאַנט־ביין.
„געדאַנק" וואָס נאָר איך־מין דינט מיט מאַכט.

פלים איך אינעם איך־מין און גענען
צום קאָסמישן שטראָם מיט פלאַם־ראַזמאַך,
און ווער אייביק איבעראַל געזען —
אַן איינציק פלאַמיקער אַלמאַנאַך.

איצט ענטפער, דו, איכטום, דעם איך־מין;
ווו פליסט פלאַמיקער איך־טייך, ווהין?

אַלע שטראָמען אייביק צום אַהין;
פונעם אַלעף, העט אַרויף, צום שין.

און ווייטער נאָך, ביז צום סאַמע תו;
און ווייטער, ווייטער, ווייטער — נאָר ניט צוריק.
ווי, צו אונדז, ס'איז גאָר די גרעסטע שטראָף
שטראָמען בלויז מעשה־נוראדיק.

אוצרות גינגאָלד ווי פון אַ מינע
קאָן איכשאַפּט פון זיך אַרויסגראָבן
דאָס יחוסדיק מעטאַל — גאָטס גאָבן.
לאָזט אונדז ניט, אינזיך, גאָר־די־שנאה.

איז עס אָנפאַנג פון זיך? צי סוף — מיר?
די בוקשאַפט מיט זיך צום אָפּגאָט־גאָט?
צי וואָר, איך בין אין בלויזן פאַרוויר,
שונא צו זעלבסט אין גאָלע געשפּאָט?

## יעקב ראַנגלט זיך ווידער מיט אַ מלאך

אַ ייד לויפט אַ צעממיטטער פון אַלע פלאַמפּייערדיקע גרווילן,
אַ ייד אַ פּראָסטער, וואָס טראָגט גאַנץ פריי דעם חומשדיקן נאָמען יעקב.
די וועלט פאָרויס אים, הינטער אים, ליגט שרפהדיק איינגעקנוילט אין תהו
און דער סוד פון זײַן, פון קץ, איז פאַר זיין פריגעבאָרנקייט פאַרהוילן.

אָוו ער גייט און שטעלט אַ טראָט — אַ פייערגעשטאַלט אים קומט אַקעגן,
ער וואָלט געשווירן, ס'איז אַ מלאך, אַ מלאך כולו סדום-שוועבל;
נאָר ס'איז דער ייד אַ פּראָסטער שבפּראָסטער און האָט קיין מלאך קיינמאָל
נישט געזען, אפילו אינעם געשטאַלט פון אַ וואָלקן נאָך אַ רעגן.

דאָס בייזע פייער-געשטאַלט פאַרלויפט אים פאָרויס אַלע שטעג-וועג-טייכן.
כאָטש נעם און פלי אַרויף אויף דמיונדיקע פליגל גלייך צו די הימלען.
זעט, הימלען! איינציק-איין בין איך, נישט ווי אין חומש דער פאָטער יעקב
צעטיילט אויף מחנות, אין געלאַף פון פדן-ארם, ביי עשום גרייכן.

פונעם פּראָסטן יידס שטערן טריפט בלוט-שוויים טראָפנדיק ווי אַ בירט-אייל;
נאָר ער אַליין איז אָנגעגרייט מיט די הענט גראד ווי עראָפּלאַנפליגל —
ער פלייסט געשטאַרקט זיך, אין דער פליטה, דורכרייסן דאָס פייערדיק געשטאַלט
ער שטייט — אַ לעבעדיק שטיק חומש: יעקב ראַנגלט זיך ביים אָרט פניאל.

אויבן, איבערן יידנס קאָפּ שיינט-אויף אין פורפור-שטרייף אַ טאַבלטיר.
עס לאָזט זיך אַראָפּ גענידערט אַלץ נידריק און נידריקער צום יידנס פּים
און אַ פּאַלאַצדיק לופט-שלאָס, ווי אַ ראַקעט, שווימט פּאַר אים אום-און-אַרום
דאָס מאַכט פּאָטערדיק אויף די אייביקייט, פּאַרן ייד, איר פּאַראַדנע טיר.

# אַן אַלטער רעקאָרד

1

אַן אַלטער רעקאָרד, אַ פאַרשטויבטער,
צעדריבלט נייע שטימונגען אין מיר;
זיי דערמאָנען און פאַרטראָגן צו די צייטן
ווען שטערן האָבן געזונגען
און נאַכט איז געפאַלן אין אַ שטיל געבעט
מיט איר פּנים צו דער ערד
און פייכט געמאַכט די תמימותדיקע גראָזן.
נאָר דער מענטש, אוי, דער מענטש.
ער האָט געפאָרשט, ער האָט גענישטערט צו דערגרייכן
אָט־דאָס וואָס מיר האָבן היינט;
כאָטש עס פאַלט אויף אונדזער געביין
שווערער נאָך ווי דאָס בויען פון פּיתום ורעמסס,
צי דער מאָדערנער דאַכאַו.
און איצט? ערשט אַצינד פאָרשן מיר פונסניי,
מיר פאָרשן און נישטערן
צו דערגרייכן ווידער דאָסזעלבע
וואָס מיר האָבן שוין אַמאָל געהאַט
נאָר ניט געוווּסט ווי טייער עס צו האַלטן, —
אָ, גאָט, גיב אַ רעגן פאַר די קליינע מענטשנס וועגן.

2

איך בין אַליין אין אָקטאָבערדיקן וואַלד,
קיינער איז ניטאָ לעם מיר.
די שטילקייט רעדט ווי שטענדיק
אַלטע געדאַנקען אין נייעם איצטער.
איך פאַרמאַך און עפן אויף די אויגן,
פאַרמאַך זיי און דריק זיי אין דער פאַרמאַכטקייט.
דערזע איך די וועלט — אַ כמאַרע־אַנקום
מיט בינען און היישעריקן;
איך פיל אַ זיסקייט און אַ גיפטיקייט.
דער ווינט גלעט מיך, שויבערט מיינע האָר
און בלאָזט אויף מיר ווי אַ קילער פעכער.
כ׳מאַך אויף מיינע אויגן
און זע אַ סך זאַכן נאָר ניט די וועלט.
איך בין אַליין און נער זיך מיט דער אַליינקייט
ווי גאָט אין ליכט און אין פינצטערניש, —
און ווי ער — ווייס איך ניט
וווּ איך הויב זיך אָן
און וווּ איך ענדיק זיך...

# חנוכּה אין די היטלער־געטאָס

יידן אין די היטלער־געטאָס צינדן
חנוכּה־ליכטלעך און די קליינע פלעמלעך
שאַפן כישוף מיט דער פינצטער: זיי בינדן
סנאָפּעס שאָטנס אין געשטאַלטן, אין געזעמלעך.

די קליינע פלעמלעך געבראַכט האָבן פון אַלע וועלטן,
ווי פאַרן ס י נ י די גאַנצע כנסת ישראל אַהער־דאָ:
די אָבות און די אמהות אויף די קעמלען רייטן,
און יוסף גיט זיינע ברידער דעם אמתן ברוך־הבא.

אָ, יוסף, יוסף! ער איז נאָך אַלץ שיין און פּרינציש.
און משה מיט זיין שטעקן וואַרפט ניסים וואָס שטאַרקן;
און שאול, דער ערשטער מלך, איז דעם פאָלק גאָר גינציש —
ער וועט שוין טאָן פאַרפעסטיקן פאַר אים זיינע געמאַרקן.

און אָט שוועבט פאַרביי דוד המלך, אַ פאַסטעכל, אַ יינגל,
מיט אַ שטיינדל אין טאָרבע פאַר זיין ציענדיק ביקסל,
נאָר מיט ריטעם אין די פינגער ווי פון זיין האַרף אַ קלינגל.
פליט זיין שטיינדל, ישמרנו הבורא! גלית אַ געקעפּט ניקסל!

ווייטער זעט זיך ווי שלמה המלך מיט חכמה משפּט,
און צום בלויען אזור הייכן זיך די טרעפּ פונעם טעמפּל.
און נאָך אַ ווייז: מתתיהו דער גרייז ציט די שווערד קעגן ישראלס
שפּאָט. זינט דאַן נאָך ברענט פלאַמיק ס׳ביסל אייל אין לעמפּל.

אָ, דאָס לעמפּעלע שײַנט אונדז פּאָרױסער מיטן ביסעלע אײל
אויף אַלע דורותדיקע װעגן ביז איצטער — צעליכטיקט!
עס װאַרעמט די בײנער און צעעפנט דאָס ײדישע מויל:
ישמרנו הבורא! אַלץ בײ דיר איז װי אַמאָל־אַמאָל — ריכטיק!

די פלעמלעך צעבינדן נאָך סנאָפּעס אין שאָטנגעשטאַלטן:
מאַראַנען שפּאַנען אין קאַרג־באַלויכטענע טונעלן,
באַװײזן זיך פון אומעטום װי פריר געװוען באַהאַלטן
און לױפן צום אײנגעזאַמלטן פּאָלק־צו, לעם דן **אברבנלן**.

אליהו, דער תּשבי, מיט ליכט אויף זײן קינדישן שטערן,
צעפּראַלט די געטאָ־װענט מיט דער בשורה פאַרן ײד:
— אַלע זײט איר דאָ? שטאַרק װילט איר די בשורה הערן?
— דאָ פעלט אונדז איצט קײנער, בלויז אײנער -- משיח בן דוד — —

## יום נקנור

איך וועל שוין היינט קיין בריוו ווידער דיר ניט שרייבן,
ווייל כ'בין מיטגעריסן, צוזאַמען מיט די אויפגעשטאַנענע עלטערן אונדזערע,
קעגן דמיטריוסן, וועלכע האָבן זיין כהן־גדול ניט אַריינגעלאָזט קיין ירושלים.
כ'האָב איבערגעלעבט דעם גרויזאַמדיקן צער פון די זעכציק חסידים
וואָס דער אָפּנאַרנדיקער אלקימוס האָט באַפוילן זיי צו טויטן.
צופיל אויפברויז איז אין מיר פאַראַנען, פון נקנורס באַרימונג:
„איך וועל אין מיין זיג איבער יהודהן פאַרברענען דעם בית־המקדש".
נאָר שטעל זיך פאָר מיין פרייד ווען איך דערלייען,
אַז אין אדסה, נאָך אַן אויפגעבראַייזטן קריג, האָבן די מכבייער, אויס נצחון,
אָפּגעהאַקט דעם „סטראַטעגישן" קאָפּ פונעם העראָישן באַרימער נקנור
און אים אויפגעהאַנגען ער זאָל זיך באַמבלען פאַר די טויערן פון ירושלים.
איך ווער געראָיקט, נאָר באַקבידעסעם אַרמיי פון צוואַנציק טויזנט מאַן
רעגט מיך ווידער אויף, ווי אַ צעשפּאָלטענע ראַנגלענדיקע שלאַנג
וואָס לאָזט איר אייגן גיפט אין זיך־אַליין אַריין.
„און פון די דריי טויזנט קריגער גייען־מיט בלויז אַכט הונדערט מיט יהודהן" —
אַזוי ווענד איך זיך צו מיין דבורהן און דניאלן —

„נאָר געזיגט האָבן זיי שוין ניט... יהודה ווערט געטויט — געאייביקט..."
אָך, אָ־אָ־אָך, איך וועל שוין היינט קיין בריוו ווידער דיר ניט שרייבן.

נאָר מיט מיין איינגעדרייטן אומעט, וואָס ליגט כורעים
צווישן די שאָטנס פון מיין קדשי־קדשים,
וועל איך היינט אויך —
דעם גאַנצן טאָג און נאַכט —
אַ בכבודיקער אורח פאַרבלייבן,
אַ צוגעשמידטער צו די בלעטער פון מיין יידישער געשיכטע — — —

# אינדיאַנער זומער

...די זון איז צוריקגעקומען מיט יוליקער היץ.
דער לאַן איז גרין־געל און געדיכט מיט בלעטערדיקע גראָזן;
ער רעפלעקטירט די צעפּאַטלטע באָרד פון וואָלט וויטמאַן.
דער באָדן איז ווי דער פּנים פון אַ אינדיאַנער זקן.
די ביימער זענען דורכזיכטיק מיט לעצט־גרינזשאַווערדיקע בלעטער.
ס׳איז שטיל און רויִק ווי פאַר שלאָפנגיין אין אָדמ׳ס צייטן.
בלויז ראָבין רויטברוסט איז אָנגעשפּיצט מיטן קאָפּ געבויגן זייטיק,
נאָכשפּירנדיק די ווערעם מיט זיין קלוגן אייגל און אויער.

דאָס לעמענע־פייגעלע היפּט און טרעלט מוטיק פאַר זיך,
פאַר אונדז און פאַר דער גאָרער וועלט.
ס׳איז דעם גוט (עס לייענט ניט קיין צייטונג,
ליידט עס ניט פון קעפּ מיט שווארצע אותיות,
וואָס טראָגן דעם גורל פון דער טשעכישער קליינער רעפּובליק).
ס׳איז מיר אַ פערטחלק ניט גוט ווי דעם קלענסטן פייגעלע —
טאָ פאַרוואָס קומט מיר ניט קיין פליגל?!
גאָט, פאַרוואָס האָב איך ניט קיין פליגל, פליגל, —
פליגל פאַרוואָס האָב איך ניט?

שפּיליקע פאָמידאָרן ליגן אויפן געזימס פון מיין פענצטער,
זיי זענען ווי בלוטפלעקן און וווּנדן לעם ראַנד
פונעם צעעפנטן באַנד „פלאַטאָס רעפּובליק".

ווי ווויל ס'איז צו זיין מיט זיך אַליין
פּנים צו פּנים מיטן אינדיאַנער זומער
און טראַכטן וועגן דעם מענטשס דערגרייכטע מעשים;
ווי ווויל ס'איז צו זיין מיט זיך אַליין —
אַ מענטש, אַ פּאָעט, אַ ייד און אַ פּראָלעטאַריער —
פּאַראַלעל מיט רויטע פּאָמידאָרן קעגן זון,
מיט פּלאַטאָס רייפע, פולע, קיילעכדיקע דיאַלאָגן.
אָ, שיינער העלעניסטיש־פאַרביקער פאָרהאַנג,
דעק צו דעם שלאַנג־געפלעכט פון אַ ר י ע ר.

אינדיאַנער זומער,
פּלאַטאָ,
רייפע, פולע פּאָמידאָרן.
רו, חכמה, אין זאַפטיקע קיילעכן,
דער אמת איז רונדיק ווי די וועלט,
פאַרביק ווי דער אינדיאַנער זומער
און עמאָציאָנעל ווי אַ ייד,
ווען ער בלייבט מיט זיך אַליין
מיטן יידישן חלום — אַקעגן...

שיקאַגאָ 1940

# אַ גן־עדן אינמיטן שטאָט

איך האָב געזען ווי אַ קראַנק יינגעלע
האָט געשמייכלט אין אַ צען־סענט־סטאָר —
אַ קליין צדיקל אין אַזאַ גרויסן גן־עדן:
נו, וואָס הייסט מען זיך אַ שטייגער געבן
פאַר אַ ניקל, אַז סע זאָל מיר טאַקע דערקוויקן
אַלע מיינע קינדעריש־מאַרודנע ביינדעלעך?

כ׳האָב אויך געזען אַן אַלטיטשקע, אַ זקנה,
אַרומפּאַדען צווישן ליאַלקעס און צאַצקעלעך,
מיט אַ קינדיש־געלייטערט נחמהדיק פּנים, —
אַ פאַרשמייעטע מעכעטענעסטע, וואָס טיילט פּאָרציעס קוגל צו מחותנים.
אָ, וועלטעניו, ווי גרוי און וואָכיק וואָלט געווען דאָס לעבן ביי דיר
(פאַר קינדער און זקנות) ווען דו זאָלסט זיי ניט געבן
קיין צען־סענט־סטאָר — — —

# אַ בית-עלמין אינמיטן שטאָט

אַ בלאָנד קינד און נאָך בלאָנדער די מאַמע
פאָרן פאַרביי אין אַ טראַמוויי, אַ בית עלמין.
דאָס קינד רופט אויס אין טשיקאַווער פרייד:
„מאַטהער, וואַט איז דיס?"
אַלע פּאַסאַזשירן דרייען אויס די קעפּ
אין דערוואַרטונג פון אַ פּיינלעכן ענטפער
און קוקן זיך איבער מיטן בליק פונעם האַרץ.
די מאַמע באַמיט זיך צו דערקלערן דעם קינד:
„דיס איז... עי פּאַרק"... און זי פילט,
פילט ווי אַלע מענטשן פילן, אַז זי פאַרפאַקט
אַלעמענס אמתן געדאַנק אין אַ טרייסטשטייגל
פון איר אימהדיקער ליגנערישער בלאָנדקייט — — —

## שניי אין דער מעטראָפּאָליע

אין פרימאָרגן בלוי האָט מען געקרייציקט דעם שניי;
איבערגעשניטענע מיט איילנדיקע שטאָטישע טריט
איז ער ליגנגעבליבן ווי פאַרפרוירענע צעפערטלטע קווערן
וואָס ציען זיך אין שטעגן ווי אומענדלעכע צלמים, —
דער טאָג — אַ וואָגלער — פאַלט מיד אויפן געקרייציקטן שניי.

## מאַסקאַראַד־באַל

מענטשן האָבן זיך פאַרשטעלט די פּנימער
מיט קאָלירטע פלאַסטערן אַרום די אויגן
און שרייען: אָ, לעבן, גיב אונדז פרייד!

זיי יאָגן זיך אין קאַראַהאָד,
אַ פאַרביק־שווינדלדיקע ראָד;
אַלע גלידער שרייען: פרייד! פרייד!
שטעל זיך ניט אָפּ! פרייד! פרייד!
שעפּ זיך ניט אויס, דו, זיס־רווישיקער גאָם;
פלייץ, דו יאָגנדיק יוקלידישע מאָס.
קוים שטעלסטו זיך אָפּ אין מיטן קאָן,
כוואַליעדיקע ראָד — געצנדיק־דזשאַזיקער נס,
וועלן מענטשן הענגען בלייבן אויפן ווילן און געדאַנק
און טרויער מיט זיין יאושדיקן צאָן
וועט ווי אַ וואָלף צווישן שעפּעלעך זיך זעטיקן מיט פּרעס.

טאָ שאָקל זיך — פרייד.
טרייסל זיך — פרייד.
וואַרף זיך — פרייד.

נייג זיך, בייג זיך;
ציטער, בוק זיך, —
צעקייקל זיך — פרייד.
צעפּייקל זיך — פרייד.

צעדריי זיך גיך קאַראַהאָד,
פלאַטערט שנעל־שווינדלדיקע לאַסקעס,
עס שרייען מענטשישע גלידער:
שטעל זיך ניט אָפּ פריידיקע ראָד!
נעמט ניט אַראָפּ אייערע מאַסקעס!

## לעבן, וואָס איז לעבן ?

לעבן, וואָס איז לעבן ?
אָט דאָס וואָס סע מאַכט מיך טרויעריק ?
וואָס וואַרפט אָן אויף מיר אַ מורא ?
וואָס קלעמט מיך איין מיט פּחד און גרווילשרעק
און מאַכט אַז איך זאָל גיין מיטן קאָפּ געבויגן ?
אַז איך זאָל פאַרדעכטיקן זיך אַליין, יעדן און אַלעמען ?
איך זאָל פאַלן אונטער די רעדער פון ווינטפליגל
פון מענטשלעכן חשכותדיקן יאוש ?
איז דאָס לעבן ?

וואָס איז לעבן ?

אָט דאָס וואָס סע מאַכט מיך פריידיק ?
איך זאָל פליען ענטוזיאַסטיש אויף די פליגל
פון פאַנטאַזיע צום לויטערן הימל פון בטחון
און שרייען ווי געזאַנג שטאַרק : איך גלייב ! גלייב !
איך גלייב זיך אַליין, יעדן און אַלעמען ?

איז דאָס לעבן ?

לעבן, וואָס איז לעבן ?
אָט דאָס וואָס איך פיל זיך צווישן ביכער
היימלעכער און בעסער ווי צווישן מענטשן ?
און אַז אין אַ הויז אָן ביכער
וואָלט איך מורא געהאַט צו נעכטיקן איין שלאָפנאַכט ;
די ליידיקע ווענט וואָלטן מיך אויסגעצאַנקט מיט שרעק
און נאַצירייכיק גערויבט מיין זיכערקייט ?

אָ, לעבן !

איך גיי אַרום ביי דיר צווישן ביכער
אין דער פינצטער אָבער אָן מורא.
איך טאַפּ אָן די סטאַרטשאַנדיקע רוקנס
און שטעל זיך גופא אַוועק — אַ בוך
צווישן אַ געדולדיק, שטייענדיק ביכער־פּאָלק.

אָ, לעבן!
איך פרעג מיט אַ פּאַרטאָגיקער און פּאַרנאַכטיקער שטים:
וואָס איז לעבן?

איך פרעג מיט אַלע ביכער צוזאַמען:
וואָס איז לעבן?
איז מיין פראַגע — לעבן?

# גוף אַליין...

צו...

ווען איך זאָל אַנטרעפן מיין גוף אַליין
אויף די גלייכסטע, גראַדע וועגן,
וואָלט איך פאַר אים פרעמד געבליבן שטיין;
געזאָגט שלום! עלעהיי פרעמדע פלעגן...

וואָרן גוף אָן נשמה איז ניט מער ווי אַ בלעך;
ער מוז ווערן געפאַרבט, אַזיסט ווערט ער ראָסט.
איז מיין טבע אַזוי: כל זמן האָסט נאָך אַ דעך,
טאָ נעם דאָס דערוווייליקע לעבן אָן חכמות — פּראָסט.

עס מיינט ניט, אַז לעבן איז אַ זול, חלילה! פלוצים!
נאָר עס, ווי קומט עס צום מאָמענט שאַפן; ער איז — זאָט!
ווערן אָפּגעקילט פון אים, מיינט לעבן אויף פוילע תרוצים.
ווייל בלויז יצירה שטעלט אַוועק דעם שאַפער בצלם גאָט...

אינעם וואָכיקן לעבן בין איך אַ יינגל, אַ שטיק שטוץ;
אַ „קיוט-באָי״. לעם מיין פּען? פאַרוואַנדלט כ'ווער
אינעם טראַגישן מאַן פונעם לאַנד — עוץ.
יאָ. אָסור אויב איינער דעם אַנדערן איז אַ שטער.

ס'לעבן צווינגט צו זיין בייגעוודיק, עלאַסטיש-פריידיק,
כדי אויגנבליקן זאָלן זיין אָן מינדסטן דאָרנשטאָך;
דאָס ליד פאָדערט אי מענטש אי וואָרטשלייפער — אונטערשיידיק
זיין פון סתם-מענטש-גוף; טאָקע ער נאָר אויך אַ צוגאָבנאָך...

# מוח מיין

איך קום דיר אַ לויב, מוח מיין.
דו ווייסט ווי צוצוגיין צו אַ בוך, אַ ליד;
וויאַזוי אַריינצוגיין, ווען אַרויסצוגיין — מענטש-ייד!
דיינע מחיצהקייטן ווי שטאַכעטן — חוקים, גדרים —
ווייסן ווו אַוועקצושטעלן דעם יאָ-און-ניין;
גיסט אַ ראַפּטאָוונעם שנייד אָפּ — עד כאן!
פאַרקערט, איז עפּעס יאָ פאַראַן,
צעשיקסטו דיינע קול-מבשר-שטאַפּעטן...

פאַרקלעקסט און פאַרמעקסט נישטיקייטן
און פאַרבלענדסט שלאַבעריקע מיט יענע
וואָס לאָזן זיך גאָרנדיק שטאַרק בעטן.
אָ מוח! גיסט פינקטלעך אַן אָפּוועגד די
וואָס פלאָדיען זיך גרינג ווי מאָדן אויף פליישיקן פלאָדן.
מוח מיין, דיר וועל איך אייביקן דאָס היילקסטע פון היילקן
דערפאַר, וואָס דו טראָגסט ווערטער-יחסנים מיט געדאַנק געלאָדן,
וואָרום נאָר אַזוי און אַזוי איז דיין מאָדוס אָפּערענדיע!

## פליענדיק שרײַב־געצייג

ווילדע פייגל זענען געפלויגן איבערן לעיק,
אין דער פאָרם פון אַן אויפגעהויבענער בייטש,
פּאַזע ברעג פון דער שטאָט שיקאַגאָ.
ס'איז געווען ערב אָוונט פון אַ מיטן הארבסט.
אַן אַוויאַטאָר האָט געצוקט אות נאָך אות
מיטן עראָפּלאַן־שרייבגעצייג איבערן הימל.
מענטשן האָבן באַוווּנדערט דעם פליער
און גאַפנדיק נאָכגעפאָלגט די רויכשריפט.
הערצער האָבן זיך געריסן ווי פאַרבענקטע קאַנאַריקלעך אין שטייגלעך
און מקנא געווען די פייגל, וואָס זענען געפלויגן
אין דער פאָרם פון אַן אויפגעהויבענער בייטש.
אַן אַלטיטשקע האָט צו מיר אַ רעד געטאָן:
„ווען איך האָב פליגל — פלי איך שנעל אָפּ
מיט דער מחנה פליענדיקע פייגל".
ביינאַכט האָב איך געחלומט פון ווילדע גענדז,
ביים איילנדיקן אָנבייסן האָט מיך פאַרטומלט זייער געשריי,
אין שאַפּ האָט די אַרבעט זיך געצויגן אין אַ ריי —
קאַראַוואַנען פליענדיקע פייגל.
ווען איך דערמאָן זיך איצט אין זיי,
דערקען איך דעם קאָליר פון יענעם אָוונט,
די אוזאָרן פון די בלוטיקע מירמעלנע וואָלקנס.
די שטים פון דער אַלטיטשקער;
און מיין הארץ איז איבערגעלאָדן
מיט קנאה און בענקשאַפט
נאָך די אַוועקפליענדיקע פייגל.

# איך לייען לידער פאַר אַן עולם...

כ׳שטיי פאַר אַן עולם אַלטע יידן און לייען לידער,
זייערע פּנימער גלאַנצן ווי טעלער — ווייבעריש־גלאַט.
איך לייען און די עברי גליטשט זיך אַראָפּ פון זיי
ווי טראָפּנס נאַכט־טוי פון משופּעדיקע דעכער.

איך לייען פאַר אַן אַלטן עולם
און אַלץ קומט צוריק צו מיר
ווידער און ווידער.

איך שטיי פאַר אַן עולם מיט פּנימער — גלאַטע מדבריות;
דאָס געשיקטע גאָלמעסער האָט אָפּגעקראַצט פון זיי דאָס גאָר אַמאָליקע
און צייט פאַרמאַסקירט זיי קונציק אין באַבעשער געשטאַלטיקייט...
איך פאַרמאַך מיינע אויגן און דערזע אַ פּאַנאָראַמע מיט פאַרקערטקייט;

די פאַרקערטקייט ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ בילדלעכער אַנדערשקייט:

כ׳זע מאַנצבילשע פּנימער מיט בערד און פּיאות צעוויגטע פּילגרימען;
עס זינגט פון זיי לכה דודים, ברכו נפשים, ויתן לך קלינגט;
פון זייערע פּנימער ווייעט דער אייביקער ונתנה תוקף.

איך לייען פאַר אַן אַלטן עולם
און אַלץ קומט צוריק צו מיר
ווידער און ווידער.

איך לייען און די ווערטער ווערן ווי זריעה פאַרבאַהאַלטן,
פאַרפּלאָנטערט אין בערד און אין פאות ווי פלאַקסן צעפּווישטע —
מיינע ווערטער פאַראָדערן זיך מיט לכה דודים, ברכו נפשים;
און בלייבן פאַראַנקערט אונטער די כוואַליעס פון ונתנה תוקף...

איך לייען פאַר אַן אַלטן עולם
און אַלץ קומט צוריק צו מיר
ווידער און ווידער.

די עברי גליטשט זיך אַראָפּ פון זיי
ווי טראָפּנס נאַכט-טוי פון משופּעדיקע דעכער.

## IN QUESTO TOMBA OSCURA

צו עטלען

אַ מענטש. אַ בעט. אַ שיפאָניער.
אַ טישל און אַ קליין לעמפּעלע
נעבן אַ צעפליגלט בוך
פאַרלאָזט אין מיטן לייענען.
אויפן וואַנט אַ בילד פון אַ צעשמייכלט יינגעלע
אָנגעלענט אויף אַ צווייַגשטעקן נעבן קוסטעם.

דער מענטש פאַלט אַראָפּ פון זיין רויִקייט;
ס'איז דער פאָרשפּיל — ערשטע טייל פון „ווילהעלם טעל".
עס טרייבט אַרויס דעם אומרויִקן פון זיין צימער
אין וויַיט־ווייַטיקדיק ווייַטן צוריק —
צום שטורעם פון זיין זעל:

ווער האָט גענומען דאָס בילד?
ווען? ווו? מיט וועמען?
יענע צייט. יענער יאָר.
אָ, אונטערגייענדיקע זון
ניט פייניק מיך מיט בלוטיקע וויזיעס!

יענער יאָר צעשפּילט די פיינלעכסטע יסורים־שפּילן
מיט אומאויפהערלעכן ווידערהאָל אין זיין בלוט
ווי דער טאַקט פון אַ לאָקאָמאָטיוו אין געיאָג.
ביים אומרויִקן מענטש קלאַפּט דאָס געביין
ווי האָראָוויץ מיט זיינע פינגער אויף די קלאַווישן —
ער זעט זיך אַ בוים מיט נאַקעטע צווייגן אין דעצעמבער.

עם האַלט מיט אים שמאָל, —
ערב העשען. ערב קראַך פון בליץ און רעגן.
ערב צוזאַמענברוך. ערב זעמדעלע ווערן, צום טראָגן
אויף וואָלקנס, יאַמבערג, זאַווייען פאַרווייען אין דזשונגל.
אַלע ערבן זענען פול מיט אויפרייס פון באַזונדערע שטורעמס.
ווי אַ ברי כאַפּט עס אים אויף אַ צערייצטן
און ווי אַ מטורף לויפט ער אין צווייטן צימער צעפּאָלאָשעט.
פאַרצווייפלטקייט כוואַליעט אין אים ווי אַ צעבושעוועטער אָקעאַן.

יענער ייִנגעלע. יענע האַנט וואָס האָט פאָטאָגראַפירט
זענען ווייט פאַרפלויגן פון אַלץ וואָס איז הי...

דער אומרויִקער מענטש ברענט. שרפהט.
טרענקט זיך. פאַלט אין אָפּגרונט.
תהום. תהום. תהומען!

אַ פליג זשומט איבער אים:
ז־ז־ז־זשע!
ז־ז־ז־זשע!
דער געדאַנק אין אים
געדענקלט־שווענקלט־קרענקלט:

צו וועמען זאָל איך בעטן?
צו וועמען קאָן איך בעטן?
פאַר וועמען, אין איצטיקער רגע, פאַלן?
וואָס קאָן מיך לייטערן?

מחילה, סליחה, חרטה?
דער קאָפּ קלערט ניט
און דאָס בלוט ווייסט ניט
נאָר האַרץ, אין שלוכציקן געזאַנג,
איז גרייט זיך אויפמאַכן
און זאָל דער פּיין אויפגיין
ווי יאַסמין אין טערפּקע ריחות...

*

ווען דאָס הויזגעזינד איז אַריינגעקומען
האָט עס געטראָפן דעם מענטשן אין דבקות
פאַרטייעט און באַרוט — אָן אויפגעלייזטער.
שאַליאַפּין האָט געפּרעפּלט בעטהאָווענס אַ טרויער־ליד —
געוויינט, געשריען, באַשטעטיקט כליפּענדיק אינעם רעקאָרד:
In Questo Tomba Oscura
וואָס דער קבר נעמט צו — ווערט פאַרגעסן — - - —

# שטאָטישע לאַנדשאַפט

פלאַקאַטן ווי וועגט און וועגט ווי פלאַקאַטן:
מיט מוידן און פיס פון מוידן אין זיידענע זאָקן
וואָס ציען זיך געשלענגלט ווי טייכן און טאָלן.
פיס און הענט און קניעס און אָרעמס ווי ביימער, —
ווידער פון מוידן מיט זאָקן ווי פאַסן געמאָלן
וואָס שניידן די טאָליעס ווי שפרינגעוודיקע כוואַליעס.

פלאַקאַטן ווי וועגט און וועגט ווי פלאַקאַטן:
ציגאַרן — אַ מויד, ליקער — אַ מויד.
ביר — אַ מויד. מילך — אַ מויד.
ברויט — אַ מויד. פלייש — טאַקע ווידער אַ מויד.
אַמאָל פאַרבייט אַ פערד אָדער אַ הונט די מויד.
ס'איז אָבער אַלץ די זעלבע טריקן און פלוידעריי.
אַמשטאַרקסטן רעקלאַמירט מען אַלץ מיט דער מויד;
וואָס פאַר אַ לאַנדשאַפטן איר זעט אויף שטעטישע וועגט
איז עס מעטראָפּאָלישע געבירטיקייט — מוידעריי!!!

## דער ים — אַ חלום

דער ים איז קלוג,
דער ים איז פֿול מיט חלומות,
ער וועקט אויף אין יעדערן אַ חלום:
ביינאַכטיקע חלומות; בייטאָגיקע טרוימען.

דער ים מאַכט קלוג, —
דער ים, דער ים, אָ, דער ים,
ער איז בלויז אַ רוישיקער שטורעם — אַ חלום.

ער חלומט חלומות, לבנהקע חלומות;
ער טרוימט פֿון חלומות, זוניקע טרוימען — חלומות.
לעם אים טרוימט אַיעדערער זיין חלום;
דער ים איז בלויז איין איינציק שטיק חלום.

ער חלומט פֿון שיפֿן, פֿון דונער און בליצן און שלאַקסן;
פֿון ווינטן און שטורעמס און וויכערם — טייפֿונען.
דער ים איז אַ חלום וואָס זוכט זיך שטענדיק אַרומעט
און קאָן זיך אַליין און זיין טרוים ניט געפֿינען.

דער ים איז פֿול מיט ביינאַכטיקן חלום;
דער ים איז טיף מיט בייטאָגיקן טרוימען;
דער ים, דער ים איז אַן איינציקער אייגענער חלום, —
מיט ביינאַכטיקייט, מיט באַטאָגיקייט — ימיקע טרוימען.

אָ, חלומות לבנהקע, חלומות זוניקע — צעוואַקסן.
חלומות און טרוימען וואָס שרעקן מיט שטורעם;
טרוימען און חלומות וואָס וועקן געוויטער;
אָ, דונער, אָ, בליצן, אָ, טעמנע געשלאַקסן!
זיי וואַיען און קויען און רויען געמיטער!
זיי ווישן, זיי מישן די כוואַליעם — אַ בבל־געטורעם!

דער ים, דער ים איז אַ חלום;
אַן איינציקער, אייגענער חלום.
דיינער און מיינער — אַ חלום;
ביידנס געחלומטער — חלום.

וועניס, קאַליפאָרניע, דעם 1־טן מאי, 1946

## דריי פענצטער...

דריי פענצטער, אַ פּיאַנאָ,
אַ ביזאַנטישער קאַווויאָר.
פאַרלאָזט אין לעצטן שפּאַן — פאַנטאָפל.
עס געבערט זיך אַנטפּלעקטער קאַיאָר.

דער מענטש זעט זיך ניט אָן,
אַ באַרג בלויז פּאַטלעס האָר
נייגט זיך איבער דער פּיאַנאָ
אין אַ מינוט — אַ יאָר.

אומגעריכט באַווייזט זיך בעטהאָווען —
אַ ליכטיקער מעטאַפאָר,
ער מישט די קלאַווישן, בלעטערט זיי
ווי מיט געמעלן אַ בוך אַזוי קלאָר.

האַרמאָנישע פאָרם געשטאַלטיקט אַלץ
אויף שטענדיק, צום אייביקן וואָר.
עס האַלט אָן, עס שטייגט די טעמפּאָ
אין גראַדאַציע ביז גאָר און גאָר.

ס'ווערט שטיל, רויִק, אַנטשוויגן;
עס דרעמלען צוריק איין אין קאַיאָר:
דריי פענצטער, אַ פּיאַנאָ,
אַ ביזאַנטישער קאַווויאָר.

# מיידלעךביים סקולקי ריווער

(כאַנטשעלען)

קליידלעך פֿלאַטערן ווי זעגלען אין שטורעם,
קעפּ — קוסטעם מיט צווײַט,
זענען ווי איינעם גלוסט זיך:
מיט מאַלינעס אָדער אַגרעסן.

זעקס מיידלשע פּיס געשפּאַנט
מיט וועלט־געפּאַר פֿון ניינצן אַכט און דרייסיק —
זיי ציען זיך ווי דער סקולקי ריווער צו ימטיפֿן.
דער גאַנצער זין פֿון דער וועלט
איז איינגעשטעלט אין די שיר־השירים־מדיקע פּיס.
דער פּלוס פֿון סקולקי ריווער איז אין זיי,
דער דניעפּר, ווייסל, דוניי, נילוס און גאַנגעס איז אין זיי.

זעקס מיידלשע פּיס — אַ טריאָ לאַכעדיקע זליכהס.
זיי קומען אויף דיר מיט ווינטיקע עכאָס פֿון היילן,
מיט אומרו פֿון וועלדער און צעגלי פֿון פֿעלדער.
זייער רייפֿקייט איז גאָלע תכלית.
עס ווילט זיך איינוויקלען ווי אַ קאָקאָן,
און שפּעטער אַ פֿלי טאָן פֿלוצלינג פֿון דער בעהעלטעניש.
אָ, אַז וווּיל איז צו די אויגן, וואָס שרייבן
ווונדער־בריוולעך צום הארצן
און מאַכן פֿון אַ וואָכעדיקן טאָג — שבת.

## די פרוי

איך זאָג דיר אַז די פרוי, גאָט,
מיט איר לייכט-זיידענעם טראָט, —
אַלץ קאָן איך זאָגן אויף איר:
אַ ביקס, געצילט אויף וואַלדיקן רינד;
זי איז דער ווילדסטער געבאָט
און שמעקט ווי אַן ערשט געבוירן קינד.

וואָס זענען אָפּגעטער קעגן איר?
דאָס גאָלד אין הייסן קאַלב רויט צעגליט?
זי איז דער ערשטער פון שדי׳ס שיר, —
מע קניט צו איר און מע ווערט ניט מיד.
עס העלפט ניט צווייפלען אין איר צימאָל,
ווייל שווער פאַלט עס צוריק אויף דיר
און הייבסט אָן פילן דיין פאַלשע ראָל.

ס׳איז גאָלע מדבר לעם איר צו זיין;
אָן איר? די ימיקע וויסטעניי.
אַ ניטגוטער זאָל אין איר אַריין
און זיין זאָל ער טאַקע איך אויפסניי.
כ׳בין אַ פאַרווירטער, ניט קיין טרעפער,
און זי בלענדט ווי אין דאָרן דיין שיין, —
כ׳קען זי, ווי כ׳קען דיך, מיין באַשעפער.

כ׳נייג אויף איר אָרעם שטום און טראַכט:
כ׳בין מיד און אַ וועלט-פּעסימיסט;
לעם איר טאָגט, אַמאָל ווערט אויך — נאַכט
און איר גוט-יום-טוב ווערט פאַרמיאוסט
פון גאָר־דעם-סוף — אַנטפּלעקטער סוד.
אָ, גאָט-בליץ, דו ברילִיאַנט אין מיסט,
טייע אויף אין קאָשמאַר — דיין גנאָד.

# כוואַליעס פון אייביקע שטיגן...

צו באַשקען

אַלערליי זונען שמייכלען פון דיין יידישן מויל אַראָפּ
און איינע — די גרעסטע — דיינע שטערנדיקע ציין.
מיין באַק ליגט אויף דיין הייסער שלייף געקעפּט
אין חלום פון בענקשאַפט און טרויער צוזאַמענגעשטעפּט.
מיר זענען צוזאַמענגעוואַקסענער רויג צו רויג —
באַרוט ציט זיך מיין אָטעם איבערן שטערן — דיין אויג.

נאָר אַמאָל, אַמאָל וועט לער זיין די וועלט פון אונדזער געביין
און ווי רעגנוואַסער וועלן מיר טיפן אין נאַכט פון דער ערד.
איבער די טריט אונדזערע געגאַנגענע אַט דאָ אויפן גרונט
וועלן פאַרליבטע שאַרן מיט זייערע פיס יונגן חן:
ער וועט לאַכן, זי וועט לאַכן — דעם יונג-געלעכטער-זאַט
און צופעליק אַריין אין איינעם פון אונדזערם אַ טראַט...

אַלע זונען שמייכלען פון דיין וואַרעם מויל אַראָפּ
און איינע — די גרעסטע — דיינע ליכטיקע ציין.
יאָ, דאָס מעשהלע; דאָס מעשהלע אַליין? ניין, ניט אַליין!
דאָס ליד פון-מיר-צו-דיר וועט אַלע מאָל געזינגען ווערן
ווען מיר וועלן זיך וויגן אין די כוואַליעס פון אויסגעהערן.

אַלערליי זונען שמייכלען פון דיין יידישן מויל אַראָפּ
און איינע — די גרעסטע — דיינע שטראַליקע ציין.
ס'וועט דאָס מעשהלע פון אונדזער כי-טוב מיט געשעען
פירן צו די ממשותדיקע טירן פון געוועז, געוועז, געוועז.
און מיר וועלן זיך וויגן. וויגן. וויגן
אויף די כוואַליעס — כי-טוב — פון אייביקע שטיגן...

## טאַטע צייט

דער טאַטע צייט זאָגט צו אונדז
דאָס וואָס ער ווייסט פון פריער:
צ י י ט האָט אירע חשבונות מיטן מענטש.
ווען צ י י ט מאַכט דיר אַ ווונד
נעם דאָס קלענסטע שערעלע
און שער אָפּ אַ רפואה פון איר;
פלאַסטער דיין ווונד אַרום מיט צ י י ט;
זי וועט שוין אַכטונג געבן אויף איר.
צ י י ט מאַכט מענטש זאָל אין דער גרעסטער ווונד פאַרגעסן;
צ י י ט היילט, דאָקטערט אונדז —
צ י י ט לערנט ווי אַזוי זיך צו היטן פון ווונדן,
אָדער ווי אַזוי גרייט צו זיין פאַר אַ נייער ווונד
לערנט אונדז די צייט.
דעריבער איז צ י י ט גוט פאַר אַלעמענס ווונדן —
צ י י ט איז די הייליקע ביבל
פאַר אַלע אונדזערע ווונדן.
צייט איז דער אייביקער חלום...

## פּאָרטרעטיש

איך שטעל אַ יאָרצייט־ליכט אין פּולער ריינקייט
פֿאַר אַן אַלט ליד געזונגען פֿון דריי, ערשט־נעכטן;
איך באַדויער אין טרויער אונדזער יוגנט־שיינקייט —
צאַרטער לעבנסקרבן אין טויטס מאָראַלישע געשעכטן.

דו — אַ טראַלד אויף אַ זעלטענעם מאַנוסקריפּט.
דיין מאַן — אַ בערגקלעטערער אויף אַלפֿן פֿון יידישן אות.
אַמאָל האָט מען צו אַזאַ ווי דו געזונגען אין פּולער מאָס:

איך וואָלט אין פֿייער און וואַסער געשפּרונגען
נאָר נישטאָ איז אַזאַ העליש פֿייער אין ערגיץ
וואָס זאָל קאָנען אינגאַנצן אויף אַש מיך פֿאַרברענען;
און נישטאָ איז אויכעט אַזאַ טיף־טיף וואַסער
וואָס זאָל אויף אייביק אין דעם זיך מיין זעל,
מיין שטורעמדיק האַרץ אינגאַנצן דערטרינקען.

נאָר די כוואַליע פֿון לעיק־מישיגען וואַרפֿט שטערנפֿיל טראָפּנס
אין הוידע צום הימל און פֿראַלט גאָר האַסטיק צוריק אַראָפּ.
אין דיין קאָלירפֿול הויז ביסטו דאָס פֿאַרביקסטע פֿלאַטערל.
דערפֿאַרנקייט מיט קינדערשן געמיט זעטיקט פֿאַרפֿול דיין אומזועט
ווי דער ערנסט ביי די קינדער אינעם ליאַלקע־שפּיל
וואָס אויפֿן בילד איז אין שלאָפֿצימער דיינס — געפּרומט.
דיינע הענט, די שלאַנקע פֿינגער מיט קאַרמיזינטע נעגל —
קוים־קוים צעעפֿנטע קנאָספּלעך אויף שטאַמען וויגנדיקע גלאַדיאָלעס
וועלן תמיד אין מיין אויג שבתצונאַכטיק פֿלעמלען — קאָלירטע הבדלות.

דו ביסט — שלאַנק־צאַרט־דין־פלינק —
אַ וויגנדיקער האַלדז ביי אַן אַנטעלאָפּ
וואָס הייבט זיך אויף נאָך יעדן שלוק,
ביים מוראדיקן טרונק מיט צאַפּל — אָנגעשפּיצט.

אָ, וויפיל מוזיקאַלישער ריטעם
זינגט אַרוים פון אַזאַ באַשאַף?
אוי, פאַטום, פאַטום, גרוויזאַמער פאַטום!
גיב מיר דיין פאַרבאָרגענעם ענטפער צום טראַף...
צי בעסער ניט? ניין. ניט. ניט.
זאָל דאָס האַרץ נאָגן אומאויפהערלעך שטום — — —

## קאָנסט יאָ קומען...

קאָנסט יאָ קומען און קאָנסט ניט קומען,
אויב יאָ, וועט אויך שוין ניט זיין אויפלאַנג —
מיין גורל האָט לאַנג אָנגענומען
דעם „ח ז ק" פון אַלערלעצטו געזאַנג.

ווער קאָן זיך גאָר טרייסטן אינעם גרויל
פונעם אומפאַרמיידלעכן שיקזאַלם העל?
אַלע שלינגט זי דאָך, די רעטזל־מויל,
און פאַרבלייבט אַ פאַרזיגלטע צעל.

ווען דו וועסט אַמאָל קומען צו מיר
וועל איך שוין דעמלט ניט זיין אָט־דער
וואָס האָט שטאַרק געליבט און געוואָלט שיער
בלינד ליבן ווי די ערד — לענג און קווער.

באָם סאַמע סוף צום סאַמע אָנהייב —
די זעלבע פילברענענדיקע קנויט.
צי בין איך צייטשאַפטס־געפאַנגטער לייב,
דער פאַרשטייגטער, ביז נעמלעכן טויט?

כ'בין געבאָרן אין גובערניע קיעוו
און טרעט פריי אויף פריירים אילינאָי.
געהאַט שוין קרייץ, די קרעץ פון איוב, —
גיב שוין רו — דו, מיין אַלץ — אַדוני!

## דער חלום איז לענגער פון דער נאַכט

דער זקן, דער אַכציקיעריקער חקרן,
קלערט פאַר זיך אין דער שטיל:
אפשר איז פאַרט אַ פּלאַן כ׳זאָל חתונה האָבן?

ביז איך וועל צוריק ווערן פייער,
ביז איך וועל צוריק ווערן גאַז,
ביז איך וועל צוריק ווערן איין יסוד,
בין איך דערוויל נאָך מאַרך און פליייש;
בלוט און אויגן — נסיון און גזר.

ער האַלט זיך אָן מיט צוויי פינגער
אין זיין אייבערשטער טייל קלוגער באָרד
און דמיונט, אָט, שיר השירימדיק און אָט, קהלתדיק:
ווי מ׳זאָל ניט אַוועקלייגן די מידע האַנט
פאַלט זי אַוועק שווער און אומרויִק;
איצט קומען זיך דער אָנהייב און סוף צוזאַמען,
זיי באַגעגענען זיך ווען זיי דאַרפן שוין
איינער פאַרן צווייטן מאַכן די לעצטע וואָרע
און אָפּטרעטן אין גרוים איילעניש פאַרן לעולם ועד; —
קיין איין מינוט ווילן זיי זיך ניט האַלדזן...

אָבער... נאָכמאל דעם ענין אָפּלייגן?
און ווידער — ס׳איז דען אברהם-שרהס פאַר יצחקס צייטן?
אַי, אדם יסודו מעפר. ערדישער שטויב און הימלישער.
און ביז איך וועל אַמאָל צוריקווערן —
ווערנווווווועעעעננג-ווערן ערד?

ביז איך וועל נאָכאַמאָל קריקקומען
צו דער געשטאַלט בריאה־מענטש —
אײ־אײ, אײ! ס'אַראַ פינצטער־ליכטיקער מהלך.
אדם, אדם! מממנצעצע... קאָסמישער שטויב.
אַ מענטש איז אַ מוקיר רבנן דאַווקע פון לעבן.
ער געפינט תירוצים: סע ציט אים די חשק־לירע אַ שפּילטאָן
צוריק צום אָנהייב, צום... שיר השירים אשר לאדם.

ער געפינט שוין סטרונענדיקע תירוצים, דער אַלטער אָדם:
כדי זיין ספר־חיים וואָס שענער פאַרענדיקן
מוז ער דאָס וואָס גיכער טאָן.
ביז דער קריכנדיקער „ביז" ווערט אוים ביז.

ער שאַרט מיט דער האַנט איבערן ספר
ווי ער וואָלט וועלן פאַרשאַרן אַ שווערן געדאַנק:
כדי די יינגלשע מחשבה ווען קטרייבן אין ווילד־געוועלדער אריין.
בײַם סאַמע סוף פון מיין לעצטגעזאַנג,
מוז איך אָנהייבן צוריק פון אָנהייב —

...אוי, לעבן מיינס, זאָל דער חלום ניט זיין לענגער
פון דער פינצטערער אייביקייט־נאַכט...

# דורותדיקע פּאָעזיע

דיינע צעשראָקענע  פּרויענקליידער ליגן אויף מיינע מאַנוסקריפּטן —
און זיי — נאָכנישט קיין געבוירענע לידער
וואָס טליען אין פּראָצעס פון געשאַפנווערן;
זייער ערב געבורט איז נאַקעט, פרישע נאַקעטקייט,
בכלל, רעדט אַלץ אָט־איצט פון דער הוילקייט אַרויס,
זי איז טיף־טאָליק שטיל ביז פּאַרטיליקטקייט —
דער בלחשדיקער מאָמענט (סאַמע מיט סוד־שווייגעניש)
איז געקומען נאָך דונערן, בליצן, און שלאַקסן,
נאָך געווירבלען  פון צעפּראַלטע באַרג־אַראָפּן,
נאָך געוויטערדיקע הורוקאַנען פון באַרג־אַרויפן.

דיינע דרעמלדיקע פּרויענקליידער אויף מיינע מאַנוסקריפּטן
מיט נאָכניט געבוירענע לידער, ניגונים און מאָטיוון,
זשאַרען אין געדאַנקען ווי רויך פון קטורת־קריגעלעך;
זיי ליגן — לעבעדיקע יעקב אבינוס געפלעקטע ציגעלעך.
אָ, ווי ווויל איז די תורה וואָס איז אַזוי אויפגעוויקלט
און אויך אָט אַזוי־אָ איז דאָס ליבע מעשהלע פון „אָ ערשטן",
פון אַ טאַטן וואָס האָט געקאַרבט שטעקעלעך פאַר ציגעלעך און בעקעלעך.

אָ, גאָט, אָ, גאָט, טאַטע, פאַרוואָס רעדט אַלץ אַזוי אָדם נאַקעט?
און עס ווערט טיף־טאָליק שטיל, שטיל; גאָר געשטילטיקט — — —

עס לויערט די שטילקייט אַ רויִקע אויף אונדז ווי אַ צודעק
און עס באַפאַלט אונדז דער בלחשדיקער מאָמענט,
דער איינציקער עקסטאַז וואָס פול מיט נאַענטקייט איז און איבער;
די נאַענטקייט איז ווי גאָט און זיין אמת און זיין תורה, פריש־נאַקעט.

אַ וועלטיקער דראַנג און פֿאַרלאַנג און געפֿאַנג
בליקט אַריין־אַרוים אין אונדזערע געפֿאַרטע פֿיר אויגן;
כ'זע מיין מאַמע טייבעלעס שבת־קודשדיקע ליכטבענטשנדיקע הענט;
זי איז מזווג פֿאַרן אומגראַדע — פֿינגער צו פֿינגער אין פֿרומער באַרירונג;
צען אומגראַדן ווערן באַהעפֿט אין אחדות פֿאַרן ליכט פֿון שבת־שיין...
דאָס זענען מיר; דאָס איז ער — דער איצט פֿון דורות — דאָס זיין!

דיינע צעוואָרפֿענע פֿרויען־קליידער אויף מיינע מאַנוסקריפּטן;
אַ שטיל־לעבן — דרעמלט קעגן אונדז ווי גן עדן־בלעטער
בעת אדם־חוה, צום ערשטן מאָל דערזעענדיק, זייער הוילע נאַקעטקייט,
און מיר, קעגן אָט־דעם אַלץ, זענען דער אייביקער באַדייט,
דער אומענדלעכער רזא דשבת אין חומשטימלעכן מאָמענט, —
קינדערלעך מיט פֿאַרזשמורעטע אויגן, שטיל, שטיל; איינגעשטילטע.
דער נחת־רוח פֿון אונדזערע פֿרומע עלטערן פֿאַרוויגט אונדז,
וויגט אונדז, וויגט אונדז, וויגט אונדז.
וויגט איין־און־אוים מיט פֿרידלעכע אָפּקלאַנגען — דורותדיק,
עכאָ נאָך עכאָ שאַלט אָפּ אין דער לופֿט דער געשטילטיקטער:
גוט שבת, גוט שבת, אַ גוטן שבת גאָטס קינדער!
איר — דער נוסח פֿון דורותדיקער פּאָעזיע — — —

## לאָס אַנדזשעלעס, קאַליפאָרניע

שניידסט זיך צו זיין אַ קוויטיקע שטאָט
אין אַ וווּנדערלעכן, יומטובדיקן דרויסן,
שלענגלסט זיך שיפּענדיק צווישן בערג אַרויף־אַראָפּ,
ווי אַ כריפּענדיקער רעקאָרד אויף אַן אַלטער וויקטראָלע.
איך האָב געזען ווי גאָט רוקט אָפּ די בערג פון דיר
אויף ווייטער און ווייטער — אַוועק און אַוועק...
גאָט איז ביי דיר שוין אויך מיט דער דאַליע
פון יידישע שרייבער: ניטאָ פאַר זיי קיין „גוטע לייענער".

אָ, בערג! מיט קיין לוחות האָט מען פון אייערע הויכן
ניט אַראָפּגענידערט צו קיין פאָלק.
קיין נביא האָט פון אייערע שפּיציקייטן ניט אַראָפּגעשריגן.
פאַרביסענע דעניקינצעס האָבן אין אייערע קעניאָנס
זיך ניט אויפגעהאַלטן מיט שפּייענדיקער פייער־שנאה.
(סע קאָן אָבער נאָך געמאָלט זיין אַמאָל).
וואָרן, פול זענט איר אָנגעלאָדן
מיט ווינט־טרייסלדיקער קינדער־שרעק.
אייערע חלקים דאַרפן ערשט צוגעטראָגן ווערן
צו דער לעגענדאַרישער „שיינער" מענטש־דראַמע.

בערג! בערג! אָ, בערג־אייביקייטן!
ווער נאָך קאָן אַזוי ערד־מאַמעדיק דולדן
דעם מענטשנס האַרבן אָטעם פון פּעטשע און באַלאָניע?
אַז מענטש דאַרף אומעטום זיין פוס שטעלן,
מוז אין אַלצדינג זיין האַנט לאָזן ראָיען.
היינט די בראָדקעסט־סטאַנציעס,

די באַנק,
דער אַרסענאַל,
דאָס געריכט־הויז,
די פאָן,
די מאַנאַשקע
און די — „זו"?

אָ, אייביקיסטישע אייביקייטס־בערג!
אָט זעט:
די נישטיקייט גייט אויף אין מיר, ווי איי־פּראָסט־שוים,
און פרעגט דורך מיינע אויסגעראַטשעטע אויגן:
בערג! איר — זענט אייביק?
און דער ענטפער פון די בערג קומט:
ניין! די וואָלקנס, וואָס וואַשן מיט שווענקעניש
אונדזער שטייגעוודיקייט, זענען אייביק.
די ווינטן, וואָס פּיילן און טעסען אונדזער מאַסיווקייט.
אָט זיי זענען אייביק.
דער פּעטראָפּירטער בוים, וואָס ליגט דורות־לאַנג
געזעצמעסיק־שטאַרק, ווי אַ געשריבענער לאַנגער־צדיק,
אָט ער איז אייביק.

און די בערג, און דער ווינט, און דער פאַרשטיינערטער בוים,
און דאָס קאַסאַקע שטערנדל לעם די הערנער ביים מולד
מיטן גאַנצן ים־וואָרף אין מערב־זון — אַלץ צוזאַמען,
האָבן פאַרצאַמען געגומען דעם ענטפער אין שטומעניש:
דער עראָפּלאַן, וואָס כראַקעט איבער אונדז — ניט!
נאָר בויל־הייטס — דאָס יידישע וואָרט — איז אייביק!

אָ, ווער קאָן מיר זאָגן, צי איך בין טאַקע
שוין דער לעצטער אין מיין דור?
אַז איך טרינק נאָך „יידישע טיי" ביי אַלטע טאַטע-מאַמע
פונעם זיידנס יאָרצייט-גלאָז...

אָ, בערג! בערג!
אַלע צוזאַמען זענען מיר אייביק-ניט-אייביק — — —

1936

# טומאַן אין די בערג

כ׳האָב געלערנט פון די קאַליפאָרניער בערג
ווי צו זיין פאַרקייטלט מיט מענטשן —
האַלטן זיך דערהייבן און אראָפּגעבייגן.

אַלע בערג זענען הויכע געדאַנקען
פול מיט טיפסטע געשריפטסן — רק זוך עס!
בערג — אינטעלעקטועלסטע פּאָעזיע אָן טאָוולען,
אָן בלעטער, אָן ווערטער — סטאַרטשענדיקע לוחות.

בערג, בערג, איך קלעטער צום באַרג ווילסאָן!
אַ פאַרשלייערטע פרוי טוט זיך אויס פאַר מיינע אויגן;
זי איז מיילן ווייט און ווי מיין טראָט — נאָענט;
זי שליידערט אירע ברענענדיקע שלייערן אראָפּ
און זיי וויקלען זיך ווי וואַלקנרויך גליטשיק אַרונטער.

מיין אויטאָמאָביל — אַ ווערוויק — יאָגט זיך נאָך איר
סאַפּענדיק הייס ווי אַן אַלטער בעל־עברהניק.
זי איז דאַכט זיך נאָענט, לויט די קליידער די צעכראַסטעטע,
אָט־אָט־אָ, כאַטש מיט דער האַנט זי צו דערלאַנגען —
נאָר בלייבט פאַרט געוויַיטיקט אין טומאַן־שלייער פאַרוויַיטיקט.

אַלץ ווערט אַנגעלאָדן מיט אָנגעצויגענער שאַרפקייט אָט דאָ —
ביים דערבליקן איר אָנבליק, דעם עטערישן, אויף שנייאיקע בערג;
זי רייצט זיך צעשליידערט, פאַרפירעריש מיטן „הייסן קריכער״,
וואָס דראַפּעט זיך מיט לעצטע כוחות אין געדרייטע ספּיראַלן —
אַרויף־אַרויף! צו דער הייך פון העכסטן שאָס!
איינשטעלנדיק, אויף איר בייכיקייט, זיין עקשנותדיק געניק...

און איך, אין דער צערודערטער, געשפּאַנטער דערוואַרטונג, דערשטיק
דעם פריי‍געלאָזטן מאַנצבילשן לעצטן אָטעם אין זיך
ביים אָנבליק פון טויטגעפּאַר פון אירם אַן איינציק רוימיקן בליק...

## דער דאָרן־בוש

אַ געלבלעכער דאָרן־בוש אין מדבר־זאַמד איינזאַמט,
אויף זיינע קנאָביקע צווייגעלעך און שטעכעלקעס
לויפן אום אינסעקטישע אַרמייען אין רייען
און פירן אַ ווירוואַרישן קאַמף מיטן לעבן און טויט.
די פון דער נידער שטראָמען צו דער הייך,
די פון דער הייך שטורעמען צום צענטער, —
צום האַרץ פונעם בוש, צום רוקנביין;
קיינער פאַרנעמט ניט פונעם דאָרן דאָס געוויין:
וואַסער. רעגן. מיינע וואָרצלען פאַרשטיינערן;
מיין אינגעווייד דאַרבט, מיין שמאַך — אימת־מוות.
אינסעקטישע אַרמייען מאַרשירן, ווירוואַריש אין רייען...

## רעגן קומט אין דער מדבר

מיט שטורעמדיקן הפקר קומט רעגן אין דער מדבר.
ער פֿאַרשווענקט, דערטרענקט, וואַשט אויס און צעבערשט
יעדן אָדער און וואָרצל פֿון די צעטריסקעטע פֿלאַנצן;
אינסעקטן ווערן געדראָלן און פֿון זעמדער צעמערשט,
שטיינער גליטשן זיך ווי לבנות אַוועק פֿון דער נעץ
בעת דער רעגן מבולט מיט אָקעאַנישן טייפֿון. דאָן קיכאַט
וואַרפֿט פֿון די וואָלקנס גימלדיקע שפּיזן אין זיי.
די וואָרצלען געשוואָלן פֿונעם אונטערגעשווענקטן בוש
סטאַרטשען ווי נחם תיבה אויפֿן באַרג אררט —
אויב איין נפֿשל וועט געלונגען זיך ראַטעווען
וועט עס פֿאַראייביקן אינעם אינסעקטן־ביבל דעם מבול...

## די ערד איז מאָכיק...

די ערד איז מאָכיק, פּוכקע — אַ בלעטערדיקער ים.
אַ יאַשטש טויכט זיך אין דער געוויירענער ווייך
ווי ס'איז אויסגעבעבעט פאַר אים זיין געלעגער-באַהעלטעניש.
אַ זומער לאַנג האָט געלויערט גרויס געפּאַר אויף אים
נאָר איצטערט-אָ ווי זיכער און שפּילעוודיק ער שלענגלט זיך
אין זיין באַזיץ, קונציק ווי די שפּין אין איר געוועב.
ווײַ איז צו דעם גאָטס-קיעלע וואָס פאַלט אַריין
אין דעם פּוכיק-ווייכן געלעגער, זיין בלעטער-ים;
האַרבסטצייט מאַכט אַלע אינסעקטן שלעפּערדיק אויף גיך
נאָר בלויז דער יאַשטש איז וואַך, פאַרזאָרגט מיט שפּייז לרוב
פון אַלערליי מינים ברואימלעך וואָס לייגן זיך באַרוט
אונטערן צודעק פון האַרבסטיקן פּורפּור — דעם זומערס בלוט.
אַלע האַרבסטיקע פאַרבן טראָגן איין ציל; ער איז אמתדיק-סקאַרבאָוו...

# באַרג און וואַלד

1

ביימער לאָזן זיך איינציקווייז אַוועק
אין דער וועלט אַריין צו אַלע זייטן.
אַ וואַלד אַ גאַנצער גייט באַרג־אַרונטער.
נאָר דער קאָנקריט אויפן שליאַך,
אַן אומענדלעכע שווערד, האַקט אָפּ זיין גאַנג.
בלייבן ביימער שטיין פאַר דער צעמענטיקער ריטשקע פאַרחידושט;
אָט, אַ געבויגענע אַרמיי וואָס טרינקט פון אַ טייך
מיט צענומענע הענט און צעפּודלטע טשופּרינעס.
עלעהיי אַ מחנה רומענישע יידן,
וואָס ווילן זיך אַריבערגנבענען דעם דניעסטער.
זיי כאַפּן אַ קוק אין יעדער אויטאָ און פרעגן:
ווו איז דער קירצסטער, גראַדער וועג
וואָס פירט אין דער וועלט אַריין?
נאָר די וועלט היינט איז שאַרף, קורץ, אומגעדולדיק,
און ענטפערט: כ׳וויים נישט. כ׳יאָג זיך.

2

דער אַלטער וואַלד ווייסט ניט,
אַז דער גאַנג פון זיינע וואַנדערנדיקע ביימער
ווערט אין דער נידער פאַרהאַלטן.
שיקט ער, צעשיקט
אַלץ מער און מערער זיינע הויכע זין

אין טאָל אַראָפּ, צום וועג אין דער וועלט אַריין;
אין דער אָנסופֿלעכער וועלט
וואָס פֿליסט פֿלייסיק, איילט פֿליסיק
מיט קאָפּ, מיט אויג — האַרצשטאָליק, שטאָלהאַרציק.

נאָר אַמאָל וועט די לבנה דעם וואַלד דערציילן
וואָס אין טאָל טוט זיך;
און דער שטילער וואַלד וועט אָנהייבן ברענען
מיט האַס, מיט צאָרן, מיט שטורעמדיקער נקמה־ליידנשאַפֿט;
ער וועט ציען אַ חשבון פֿאַר אַלערלייאיקע צייטן,
אַ געכפּלטן חשבון, וואָס וועט זיין
דער סך־הכּל פֿאַר אַלעמענס ווּנדן.

## ערדענע שיסלען

בערג, וועלדער און וואָלקנס ;
וואָלקנס אויף וועלדער און בערג,
וועלדער־געוועלדער אויף ווענט און אויף סקאַלעס
אין ריזיקע שיסלען מיט תּוכן,
מיט הויכן ווי ימבערג צעכוואַליעט לעם שיפן.

די זון שטעכט אַריין אירע פינגערנע גאָפּלען
אין נעפּלען, איר פּנים שיינט אָפּ אין ערדענע שיסלען.
אַ מויל און אַ טאָל און אַ טאָל ווי אַ מויל,
מיט סלינע פאַרגאָסן, צעעפנט, צעשפּאַרט ביים אַרונטער,
אַלץ גרעסער און ברייטער און טיפער.

עס ווייזט מיר סע האָט שוין פאַרשלונגען
אַ וואַלד און אַ באַרג און אַ וואָלקן,
אַ הערש און אַ האָז און אַ וועוורק,
אַ באַן, אַ פּייזאַזש און אַ רימושקע,
אַ מענטש און אַ פערד און אַ וואָגן.

אָ, רב ישראל בעל שם טוב, איך זע דיך.
וווּ נאָר אַ באַרג זע איך דיין ליים !
דיין פערד און דיין וואָגן מיט גילדענער ליים —
דיין לייב און דיין לויב און דיין ליים ;
דיין ליים און דיין לייב און דיין לויב.

און ווידער און אָבער דאָס זעלבע.
אַ באַרג און אַ וואַלד און אַ וואָלקן,
אַ וואָלקן, אַ באַרג און אַ כאַטקע,
אַ באַרג און אַ וואַלד און אַ וואָלקן.
די זון שטעכט אַריין אירע פינגערנע גאָפּלען
אין נעפּלען, איר פּנים שיינט אָפּ אין ערדענע שיסלען.

# גאָט מאָלט דעקאָראַציעס ביים פּאַסיפיק

דעמער צינדט זיך אָן און צעפלאַקערט
מיט אַלע ברענענדיקע שריפות;
ווי עס וואָלט שאַרִיען אויף טאָג
צעכראַסטעט זיך דער בויך פון אַ באַרגיקן וואָלקן,
אַ זילבערנע אַזיערע זיין שפּיגלדיקע אינגעווייד
טויכט-אויף און צעגיסט דייזשעם מיט אַלערליי לבנות,
זייער דיאַמעטרישקייט רעדוצירט זיך ביזקל קליינגעלט,
אוודאי ניט קלענער פון אַ זילבערנעם טאָלער.

טעמפּלען, שלעסער, פאַרשידענע געביידען
שווימען אַרום-ברענענדיקע אייזבערג און צעשמעלצן זיך,
זיי טראַנספאָרמירן זיך אין פּיראַמידן, אָבעליסקן, קאָלאָנען, —
געשפּענסטער קומען-אויף איבער כוואַליעדיקן באָדן,
דער שטח שווימט צעאַקערט אין בלוט-רויט, פּורפּור, קאַרמאַזין
און אין כלערליי געטרעפטע ראָזעווע ניואַנסן —
מייליקע בייטן געפלעקט ווי האַרבסטיקע פּייזאַזשן,
געמאָלן דורך ווינטיקע הענט אויף טיפע געוועלבן.

בצלאל בן אורי, מיקל אַנזשעלאָ, ראָדען, מתתיהו אַנטאָקאָלסקי, לאָריידאָ טאַפּט
וויגן זיך אויף הוידעס און באַרשטן, פּינזלען און דלאָטעווען
אין פאַרמאָסטענער התמדה אויף צעפּאַטלטע רויכעס און פלאַמען.
פלוצלינג טוען זייליקע בעזעמער פון דער זון זיך אַ שפּאַר
און פאַרקערן אין הורבעס, שטעט און וועלדער אין כאַאָס.
אַ פּוס גיט אַ קאַפּע און אַלע דייזשעם און קעסעלעך מיט פאַרבן
צעגיסן זיך איבערן הימל אין אַ שטורעמדיקן ים-גוס.
ווינטיקע הענט רודערן איבער טיפע שווימענדיקע געוועלבן.

שטורעמדיקע ווינטן טראָגן אָן אַ הייזעריק בת־קול
וואָס ליאַרעמט דייטלעך אַ פאָרוווּרף:
נע! נע! ס'טוויג נישט!
עד—ד—ד—ד——————ד!
מאָרגן איז אויך אַ טאָג...

— — — — — — — — — — — —

קאַיאָר. אַ ברעם צעשפאַלט זיך אויפן מזרחדיקן הימל,
אַ צעגענעצט מויל־תהום צעעפנט זיך מיט אַ וואַלד־שריפה,
גאָט גיט אַ בלאָז צווישן די וואָלקנדיקע וואָנצעס:
נאַט! זעט! אָט אַזוי־אָ זאָל מען מאָלן דעקאָראַציעס...
עס כאַפּן זיך אויף גליאיקע שטעט, צעצונדענע וועלדער,
צעבלוטיקטע פעלדער, מדבריות פלאַמיקע, שחיטות, מלחמות, פּאָגראָמען;
דער גאַנצער האָריזאָנט ברענט שלאַקסיק אין אימהדיקע פלאַקערן —
אַ סטאַמפּעדאָ מיט ברענענדיקע חיות ווי געיאָגטע געשפּענסטער
שטורעמט דעם מזרחדיקן האָריזאָנט אין בהלהדיקער קאָנפלעגראַציע!

איך שטיי וויזאַווי דערביי און זע! און קוק!
אַלע גרעסטע קינסטלער שטייען דאַנעבן און זעען! קוקן!
גרייט זיך כאַפּן צו דער אַרבעט, אימיטירן, איבערשאַפן;
נאָר גאָט גיט אַ פּעכער, אַ בלאָז נאָך אַ בלאָז וויכערט
און ווינטן פאַרווייען, צעדרייען; קערן אָפּ די דעקאָראַציעס.
דער האָריזאָנט ווערט בלאַס — אַ קאַנווע פאַר נאָך אַ לעקציע...

דער טאָג שיט אוים זיינע וואָכעדיקע בהלות און געפּילדער,
פאַרוויקלט די קאַנווע, פאַרשליסט שנעל דעם הימל.

בין־השמשות. האריזאַנטישער טאָוול אויפן מערב באַווייזט זיך:
גאָט מאָלט זיינע דעמער־דעקאָראַציעס אַנדערש ווי אַלע מאָל:
רעשעטעס זיפן זונזייענדיקן גערשטן און רעטשקע,
דער שפריי — גליאיקער שניי — זיפט זיך דורך
און פאַרזשאַרעט דעם הימלס צעפּאַטלטע קודלעס;
זיי צעוויקלען זיך אין פאַסמעס צווייגן און ריטער —
אַ געדרענגטער געוויסער איבער אָזערעס און טייכן;
הינטער דעם שטראָמען טשערעדעס לעמער, סטייעס פייגל,
סטאַדעס בופלאָקסן גאַלאָפּירן, טאַבונען פערד שפּרינגען אַרויפצו.
בצלאל בן אורי, מיקל אַנזשעלאָ, ראַדען, מתתיהו אַנטאָקאָלסקי, לאַריידאַ טאַפּט
באַווייזן זיך געאיילטע מיט געהויבענע אָרעמס מוסקולירטע,
ליטקעס צעשפּרייטע אין אָנגעצויגענער פאַרמאָסטנקייט מיט פּראַצע
שווינגען אַרום אין די הייכן אויף הימלישע סקעפּאַלדס;
פויסטן ראַזמאַכעווען האַמערס, באַרשטן, דלאָטעס
ביז די קלענסטע פּינזלען און שניצערלעך;
דער גאַנצער הימל איז אין אַ ברענענדיקער קרעאַציע!

אַ העליש געשטאַלט שפּרייזט אום און רויכערט, קוזשעט,
אַ ליולקע פּיפּקעט ער וואָס צעשיקט לאַווע, קראַטערס און דאַמף;
ער ווערט פול מיט גרימצאָרן און גיט אַלצדינג אַ צעשטויס!
עס קערן זיך איבער קאַפּויר אַלע כלים מיט פאַרבן — טראַך!
עס ווערט אַ כאַאָטישע צערונעניש פון גוסן אָן מאָסן.
עך—ך—ך—ך————ך!
ס'טויג ניט!
מאָרגן איז נאָך אַ טאָג!

אַזוי האָט אויסגערופן דער אייביקער באַשעפער —

נאָט אייך קאַיאָרן און דעמערס!
דעמערס און קאַיאָרן!

אָ, דער אייבערשטער, ער ווערט ניט מיד; ס'איז אים ניט נמאס;
ער מאָלט און מאָלט געמאָל נאָך געמאָל — עקספּראָמטום.

איך זע. קוק. שרייב אַלץ גלייך אויפן אָרט
וויאַזוי גאָט מאָלט דעקאָראַציעס ביים פּאַסיפיק.

גאָט, גאָט, אוודאי וואָלט איך געפאַלן מיט מיין פנים
אין די זעמדער ווען איך זאָל זען דיך מאָלן דיינע געמעלן
ביים ברעג פונעם כנרת של ישראל — — — — — — — — — — — —

כ'שטיי. איך זע. איך קוק. איך טראַכט:
כ'וועל די אַלע פּאַנאָראַמעס ברענגען צו מיין שרייבטיש;
צי גאָר מיין שרייבטיש ברענגען אַהין,
אַהין צום שעפערישן קאַיאָר און דעמער...
זיך אויפלייזן אין מיין יידישן חלום — — —

סאַנטאַ מאָניקאַ, אויגוסט 1954

# ברענענדיקע סטאַדעס אין האָריזאָנט פון ים

(לייענענדיק — „צום שענסטן טאָג אין האַרבסט")

א

די זון האָט געזעצט זיך — אַן אָפּגוס
אויפֿן בייכיקן קײַלעך פֿון פּאַסיפֿיק
און צעצונדן עקדות אין האָריזאָנט.
וואָלקנס געיאָגטע ווי אָקסן און לעמער
שפּרינגען אין תהום פֿון צעעפֿנטע קראַטערס.
מעסערדיקע שטראַלן צעשעכטן די סטאַדעס
און וואַרפֿן אין ים אַריין געשונדענע
הורבעס אויף הורבעס — פֿלאַמיקע פֿעלן.

דער ימיקער שפּיגל מיט זוניקן צונטער,
פֿינקטלעך געמאָלן אויפֿן נעמלעכן אופֿן:
געצונדן, געשונדן, געצאַפּט פֿון זיך דמים, —
געשליידערט די שקיעה צוריק צו דעם הימל!
אויף כוואַליקע לייטערס; אויף געשטריק פֿון פֿייער
זיך געדראַפּעט האָט **אלי! אלי!** באַגלייט מיט **שמע! שמע!**
די שריפֿות פֿאַרשלונגען האָבן מײַן יידישן פּריפּיטשאָק,
די יידישע קינדערלעך צוזאַמען מיטן **פּתח אלף — אַ...**

אויפן זאַמדיקן ברעג זענען מענטשן געשטאַנען,
געקוקט און געטראַכט אין בלויזער פּאַרגאַפטקייט:
ס'איז גרויזאַם! ס'איז וווּנדער! מעשה מרכבה!
אַ שיף זעגלט גראַד — אַ שאָטן־געשיפּטער,
און גראַד שטייט געהיט דער פישער ביים זעגל —
אַ ווירע טוט מעסטן שורה נאָך שורה
אין גליאיקן סידור פון ים און פון הימל.
דאָס געשטאַלט אין שיפל הייבט דעם קאָפּ אין צונטער געטיפטער.
עס ברענט דער פישער, דער מעסטער — דער דיכטער!
דער קנויט מיטן בלוילעכן פלאַם אין נר תמיד
אומענדלעך טוט ברענען ווי ירושהדיק פלאַקער פון פּאַרמעט...

ג

## דאָס שיפל

דאָס שיפל... העט ווייט!
אַ פלעק, אַ קויל, אַ פּינטל.
דאָך ציט עס נאָך־זיך־נאָך
דעם פּאַסיפישן ברעג רונד־אַרום,
געשיפּט ווי דער זעגל — פּאַוואָליע:

די זון און דער ים,
די בערג און די ברעגן,
די געזשאַרעטע אָקסן און לעמער, —
אַ חוזה! זייעסט פון צעבלוטיקטן הימל קרישקעלעך שטערן?
צי זאַמד אין די אויגן שיט אונדז גאָט פון אברהם?

דאָס שיפל... פּונקט ס'וואָלט געשטאַנען —
העט ווייט! אַ פלעק. אַ קויל. אַ פּינטל.
דער פישער האַלט פעסטער דעם זעגל און זיכער!
ער איז באַרוט מיט באַראָט אין וויגל פון פלאַמען.
פאַרוואָר! ס'איז באַשירעמט אין רייפער באַשערטקייט
זיין קרייז צו פאַרקייטלען, פאַרגאַנצן — אויסמעסטן
מיטן יידישן חלום — אַקעגן.

# ברכה און געזעץ

אַ, וויפל נאָך קאַלכאַויוונס מיט אויטאָדאַפעען, דאַ,
וואַרטן אויף אונדזער קיומדיק יידיש געביין?
וויפל נאָך העק מיט שטריק האָט די לאַנגע, בייזע שעה
צוגעגרייט פאַר אונדז ווי אַ פשוט, וואָכעדיק געשען?

ניט ווייל איך דערוואַרט גאָר פון עמיצן אַן ענטפער
פרעג איך עס צאָל-מאָל-מאָליק, און ניט ווייל איך וויין;
דער ייד האָט אין זיך צופיל בלוט פון נביאישע קעמפער,
אַז גאָר צוליבן פרעגן בלויז זאָל ער בלייבן שטיין?

ניין! ניין! ניין!

ער וועט גיין און גיין געבענטשט אָט-אַזוי אינעם לעבן:
אַ ייד, אַ מענטש, דער יורש פון אַ גרויספעלקערדיק עלטער;
אַלוועלטלעך געבאָט האָט אַן אייביק ניי לעבן אים געגעבן,—
אָט די ברכה איז דאָס געזעץ פונעם העכסטן געוועלטער —

# דער זון זעצט איבער דעם טאַטנס ספרים

דעם טאַטנס שטוב, די ספרימדיקע ווענט,
זיי לעבן־אויף אין יעדן פסוק היינט.
די מאַמע שוועבט אַרויס — אַ פרומער בלענד;
דער ברודער, און דער גלי פון לערנער — שיינט.

פלוצלינג שפרינגט ער אויף פון שטול;
אין צימער אַ גרויסע עדה מקובלים —
אַלע צום טאַטנס ענלעכקייט; קאַפּאַבל און פאַרפול
די געקליבענע רייד זייערע ווי פון אים.

ער טייטשט דעם טאַטנס פסוק:
„נקמת דם עבדיך השפוך — השתלשלות״?!
אַט אַזוי און אַנדערש אויך טייטשט ער, —
זיינע געדאַנקען וואַגשאַל־וויג, פאַרהילן עס.

„דאָרט ווו גאָט באַווייזט זיך —
ווערן תוהו־שטעט צעשמעטערט״.
אַט דער גלי פון טאַטנס חקירה איז יראה!
און צו דער העכסטער טהרה קלעטערט.

ער זעצט זיך פאַרן פּאַפּיר געבוקט ווידער,
טייטשט איבער־און־אָבער דעם טאַטנס פסוקים:
„פאַלן מויערן פון בבל.
זינקען שטעט פון חטא.
שווינדן בערג פון חושך״.
אין תפיסה־צעל פון וואָרט איז ער און געענגט
ווערט זיין זעל ווען פסוק נאָך פסוק פּלאָגט אים.

און ווידער איז ער אויף די פיס
אין ווינקל, אין זיין גרעסט פאַרטאַיען!
ער וויל זען איצט דאָס געשטאַלט פון טאַטן
נאָר עס באַווייזט זיך גאָר רב בחיי הדיין.

צעטליעט ווערן אין אים דער „חובת הלבבות",
„גוטס און שלעכטס" — ס'איז קול דממה דקה;
ס'איז פאָרט ניטאָ דער טאַטע — רב הלל השני — — —
אוי, בענד-געבינדער; זינט די אבות-אָן טאַקע.

ער איז פאַרחידושט און זינקט אין אַ טראַנס,
דאָך, זיין האַנט ווערט געפירט פונעם טאַטן
און זי ווירעט, ווירעט שורות מיט אותיות אַלטע, —
די אומזעעוודיקע האַנט איז גורם: זייט זיך מתחתן...

און ווידער טיפט ער זיך אין בלאַט אריין;
שוין נישט ער (דער זון אהרן טאַקע)
נאָר אַ ווייט איניקל, אַ וויטער גרייז
זיפט איבער דעם אַלטן כולו זכאי!

אות-צו-אות קלייבט ער גייציק-גערן —
אַן אַלטער „ספרים-שמאַטניק" זוכט אַ פערל...
זיינע פינגער טאַפן דאָקטאָריש די קראַנקע ווערטער;
און זיי צו אים, אָטעמען ווי דורך אַ סטעטאָסקאָפ-רערל.

אוי, וויי, וויי! דער עלטער-עלטער-זיידע הלל,
האָט מסתם דעם איינציקן טייטש געזינט נאָכאַנאַנדער;
אריינגעבלאָזן פורעם און יידישדיק אַבסאָלוט געשטעלט אים —
אַזיסט וואָלט נישט דערשפּאַנט זיין נע-ונד-וואַנדער

און רק געפּאַכעט אימהדיק די פּעכערדיקע טייטשן
פון זיינע יידישדיקע חקירה־בייטשן און סטייטשן
וואָס דורך־זענען דורך־אַלע קוימענדיקע אַדורכן, —
לעבעדיק שיינט זיין חכמה איבער פאַרדומטע ניטשיאַנער דייטשן!

אַט דאָס איז ער דאָך, דער רעיון, אָן ספק!
דער איינציקער אני מאמין פאַר די פּילע:
זיין טאַטנס, טאַטנס טייטשן, ביז צום זיידע הללם —
אָ, יידיש! ישראלם בלוט־טראָפּן פון נצח און תפילה.

ער זיצט באַוועגלאַז, קעסטלעך, דאָס געזיכט צעהעלט;
אויף אים רוט איצט די מנוחה ווי אַ שבטס הערב;
גאַנץ איז ער אונטערן באַלקן פון טאַטנס געצעלט
און אותיות שמעקן ווי פּירות אין שטרויענע קערב.

יהי רצון מלפניך, באַרירן זיינע ליפּן דעם ספר
ווען אותיות — פּאַטער־אויגן — באַרגן אוים חכמה צו אים;
ווי אַ דאָגמע וואָס איבערגעענטפערט איז פון דור צו דור,
רעדט מיט רמזדיקע שפּרוכן אויפן גלות — איין אַנטאָנים...

זיין טאַטנס שטוב, די ספרימדיקע ווענט,
זיי לעבן־אויף אין יעדן פּסוק היינט.
די מאַמע שוועבט אַרוים — אַ פרומער בלענד;
דער ברודער, און דער גלי פון לערנער — שיינט.

## דו, צויבער-ליריקער

אַ לעבן! ל־ע־ב־ן.

ווער נאָך ווי דער איש־חיים
טראַכט אַזוי פון דיר?
פילט אַזוי ביי דיר?
פאָדערט פון דיר אַזוי פיל?
אַ, לעבן, לעבן — ל־ע־ב־ן.

איי, לעבן, וויפל דו קענסט געבן — לעבן.
און דו גיסט טאַקע דעם גרויסן גום דיינעם
אין דיין ניט־געבן אפילו — — —

לעבן, ווי איך טראַכט פון דיר,
ווי איך האָב נאָך העט, העט,
פאַר מיין זיין דאָ,
וואַכיק געטראַכט פון דיר, —
אַז איך בין דער טראַכטנדיקער טראַכטער;
און ווי טראַכט מען ניט
קיין לעבעדיק טראַכטן ביי דיר?

איי, לעבן, לעבן — לעבן!
איך בין פאַרליבט, שטאַרק פאַרליבט,
טאַקע ווידער אַמאָל און אָבער אין דיר, לעבן;
בפירוש מיטן שטענדיקן, אייביקן אָנהייב פון ליבן,
פילן, פרעגן און פאָדערן — פאַרליבטקייט —
פון דיר טאַקע דיין ליבטיזם — פאַרליבטערהייט...

אַ לעבן, דו ביסט די מאַיאָווע בענקשאַפט
און איך? נאָך אַלץ בייס סאַמע אָנהייב ליבן,
אָנהייב פילן, אָנהייב פרעגן, פרעגן, פרעגן.

איי, לעבן, לעבן, איי, איי, איי!
איך טראַכט דאָך תמיד
אַ שטענדיק טראַכטן פון דיר: —
לעבן, ווי ווויל דו ביסט, לעבן!
מיט דיין גאַנצער דורכשניטלעכער אומוווילקייט
ביסט דער מהות פון יעדנס זיכזיין — לעבן, לעבן,
כאָטש דער אַבסאָלוטער זיכזיין האָט ניט געקאָנט אָפּהאַלטן
מיין באַרוישטן רעיון אין מיר: פאַרוואָס טאַקע ניט מיט־שטאַרבן
נאָכן דיכטערישן פּאַגאַניני — דעם צויבער־ליריקער — מאַני לייבן?

## ווען איך קוק אויף זיך

ווען איך קוק אויף זיך
דורך מיין מאַמעס אויגן,
פיל איך אויף זיך מיטלייד.

ווען איך קוק אויף זיך
דורך מיין טאַטנס אויגן,
פיל איך זיך ווי צו שטראָפן.

ווען איך קוק אויף זיך
דורך מיינע קינדערס אויגן,
פיל איך זיך גאָלע עגאָיסטיש.

ווען איך קוק אויף זיך
דורך מיינע קריטיקערס אויגן,
פיל איך זיך אומוויל־וויל.

ווען איך קוק אויף זיך
דורך דעם פאַשיסטס אויגן,
דאַרף איך תיכף ומיד — שטאַרבן...

ווען איך קוק אויף זיך
דורך די אויגן פונעם לעבן,
פיל איך זיך אין די קלעמען פון אַ שיישאַ.*)

*) אינדיש־מיטאָלאָגישע שלאַנג מיט הונדערט קעפּ און אויגן.

ווען איך קוק אויף זיך
דורך מיינע אייגענע אויגן,
פֿאַרשווינד איך אין פֿאַרגאַנגענע דורות...

בלייבט מיר בלויז
קוקן אויף זיך,
דורכן בעל שם טובס אויגן.

אַיי, רב ישראל בעל שם טוב
אַיי, רב לוי יצחק בערדיטשעווער!
זאָל מיר באַוויליקט זיין צו זען זיך
דורך אייערע ליכטיקע צדיקימדיקע אויגן.

ווי ווויל וואָלט מיר זיין
און ניחא דאָס לעבן, — דערהויבן.
אַיי, רב ישראל בעל שם טוב!
אַיי, רב לוי יצחק בערדיטשעווער!
גרויסע נשמות; פֿול יידיש־לויבן.

# די קנאה צווישן ביכער

די ביכער און די ספרים אין מיין שראַנק
קריגן זיך, זיי קומען ניט אויס, —
זיי הויזן ניט צווישן זיך פונקט ווי מענטשן.

די ביכער אין מיין שראַנק
זענען צעטיילט אויף קלאַסן;
אין העכערע און נידריקע שיכטן.

ערשטנס: רייך און אָרים, — ביכער און ספרים;
גאָלדענע אותיות אויף רוקן און גראָבע טאָוולען;
ביי אַנדערע, — בלויז אַ פּאָר פּאַפּירענע פליגעלעך.

האָב איך, מענטש, מושל איבער די ביכער,
געמוזט איינשטעלן אַ סדר צווישן אַלע —
באַזעצט זיי אויטאָנאָמיש אויף פאַרשידענע פּאַליצעס.

אייניקע אויפן סאַמע שרייבטיש אַוועקגעשטעלט,
אייניקע גאָר בהרחבה צעלייגט אויף די געזימסן
און מיט אַ טייל — ספּעציעלע טישעלעך באַצירט.

אָבער אויך צווישן אייגענע, אַנערקענטע
הערשט אַ בייזע אומפאַרמיידלעכע מחלוקות
מיט גרינגשעצונג און לצנותדיק שפּעטעריי.

די ספרים — פאָדערן ווי פּאַטריאַרכן דעם כבוד־אָב
פון די ביכלעך; און זיי, יונגוואָרטיק, ווידערשפּעניקן
און חוזקן פון זייער וואָרטגלויבערישן אַבסאָלוט.

קודם, די אייביקע טענה: מע פֿאַרשטעלט זיך,
די אָרעמע לאַכן פֿון די אויסגעסטראָצלטע באַנדן,
די אויסגעפּוצטע שפּעטן אָפּ פֿון די ביליקע בענדלעך.

היינט, וועגן כאַראַקטער — דער תּוכן פֿון בוך?
דער איז אַ פֿאַלשער פֿילאָזאָף; דער — אויבערקלוג,
און דער? אַ פּוסטער פֿאַנטאַזיאָר; און פֿלאַך.

דער איז מיט גאַלע שיינוווערטעדיקע חנדלעך,
דער — כּלומרשט פֿרום און מיסטיש פֿאַרגלאָצט,
און דער — צעווירן מיט זיסריידעריי און סתּם־גראַמען.

איצט, זייער לשון: דער רעדט ליטוויש־יידיש,
דער — פּויליש־יידיש, דער — רוסיש־יידיש,
דער — אַמעריקאַניש, אַרגענטיניש און — העברעאיש־יידיש.

היינט, רעדט דער מיט למדנישע קניפּעקלעך,
דער — מיט גבֿירישע שטעכווערטלעך — סופֿער־חכמה,
און דער? פּראָסט מיט הוילע מאַסאָווע פּשטות.

דער — מיט אַ סך מאַניעריזם, מיט סטיליסטישן אָנשטעל,
דער — מיט עראָטישער פֿרייקייט, מיט שפּע פֿון וואָרט,
און דער? מיט קלאַנג —, געזאַנג, צי בלויז — געבעט.

אָט־אַזוי־אָ, יעדערער באַזונדער מיט זיין יחידות;
ווער מיט פֿראָטעסט אויף הויכשרייענדיק לשון,
און ווער הכנעהדיק ווי דער גרעסטער בעל־בכי.

הכּלל, ערשט צווישן ביכער הערשט דער גאַנצער וועלטגעטומל.
ווו יעדערער שרייט: הער! הער! נאָר מיך הער!
ס'קלענסטע ביכעלע גאַרט מ'זאָל עס כאָטש אַ ב י ס ע ל ע אויסהערן.

דער עיקר קריג צעפלאָקערט ווען מיין האַנט נעמט זיי צערטלען,
נישטערן, גלעטן און בלעטערן דאָס חיות ביי זיי;
ווער שמועסט אַריינגעמען איינס אין שוים? ווערט אַ געפילדער

אָט דאָן ערשט, צעוויגט און צעיאָגט זיי די העכסטע קנאה;
זיי צעשטויסן זיך און פאַלן פאַנאַנדער
שפרינגעוודיק גלייך צו מיינע קני אויפן דיל.

איך פאַל כורעים אין גרויס דרך ארץ פאַר זיי,
איך הייב זיי אויף און בעט ביי זיי מחילה:
— מער ווי איינס אויפאיינמאָל קאָן מען ניט לייענען...

איך דערפיל זייער גרויסע בענקשאַפט און פאַרליבטקייט
נאָך דער מענטשלעכער האַנט וואָס גלעט זיי מיט וואַרעמקייט
און גריבלט זיך אינטים אין זייער בוזעם.

איך קוק אויף זיי אַ פאַרקלעמטער אין זייער צער,
און איך זע ווי זיי ווערן פאַרזונקען אין עלנדקייט
ווען אַ תכליתדיק טראַכטן באַפאַלט זיי וועגן קיום.

ביכער זענען עלנד און פול מיט לעבנסטרויער:
... ניכאַי וואָלט דער באַשעפער אונדז גאָרניט באַשאַפן...
... שוין בעסער נישט געבוירנווערן... הער איך אַ כליפּן.

ביכער לעבן און שטאַרבן פונקט ווי מענטשן;
לאָמיר זיך באַציען צו זיי ווי צו מענטשן
און טאַקע זיך פלייסן זיי צו פאַרשטיין — ווי מענטשן.

# המון

(א. לעיעלעסן)

קומסט פילקעפיק ווי דער ים,
פילכוואַל׳ק און שוימיק.
אַט־אַט און דו דערוווערבסט זיך
דיין פאַרדינטן מילי־טריליאַניאָריקן יובילייִ.
איך, דער יחיד, שטיי,
שטום
מיט העכסטן רום
קעגן שטיק הימל־מויל בלאַנקיטנע רוימיק,
פאַר דיין שטענדיק גרייט־זיין
און צערייצט־זיין
און פאַרפלייצט זיין
און גענייגט־זיין
מיט עכט געשריי און געוויי.
אַט, אַט און די גאַנצע וועלט גיסטו
אַ טרעמאָסע, אַ פליאַסק און אַ דריי
אין רויטן זאַוויי —
נאָר דיין גורל איז שוין אַזאַ:
ביים סאַמע דערגרייך דיינעם
ווערסטו פאַרוואַנדלט אין איין גרויסער מ אָ ר ד ע;
און נאָכביגיק ווערסטו, אייזלדיק־געקערעוועט
ווי פון אַ ניט־געזעענעם ציימל —
אַ האָרדע ווערט אָפגעשטעלט, איינגעשטילט;
פאַרויסגעצילט, צוריקגעצילט,
אַהער־אַהין־געטריבן
ווי איין פאַרבלאָנדזשעט לאַם.

בלויז איך,
ווי נאָך אַ בהלה אַן איינציקער ייד,
בלייב געפּלעפט ווי אַ תם
פֿאַר דיין קערנדיקן שטאַם — —
וואָרום סתם צי ניט סתם,
מיט חיהשן בים־און־רים,
וואָלסטו מיך אויך צעטראָטן
און פֿאַרשאָטן
און צעקנאָטן מיט דיינע ציגלדיקע פּים.

# ווערטער

שטיל און ריין האָט זיך אַרויפגעכאַפּט
אויף אַ ווייסן בויגן פּאַפּיר דאָס וואָרט **שלום**;
ס'איז געווען איינציק, אַליין, אָבער פול אינזיך.
סע האָט געאַנקערט קליין אינעם ווייסן ים אַרום —
אַ רחבותדיקער בלאַנק מיט איין וואָרטיקייט: **שלום**.

סע האָט געאַנקערט צו אַלייניק, צו עלנד-שטיליק,
שלום-וואָרט האָט בלייבן ניט געוואָלט פאַרוואָרלאָזט
האָט עס אין ווייסער ווייטקייט אַריין גענומען רופן:
העי, ווערטער! זענען אָנגעלאָפן אַ וועלט מיט ווערטער
און זיך געשטעלט אַרמייאיק אַרום **שלום** סטערדעסדיק.

שטענדיק-וואָרט האָט זיך געכעסט אויף תמיד-וואָרט;
כעס-וואָרט — אויף רשעות-וואָרט; אַלע אויף אייביק-וואָרט.
יעדערם געוואָלט האָט שטיין נאָר לעם סאַמע שלום.
ראַפּטאָם האָט זיך צעוויכערט דאָס איינקלאַנג-וואָרט — **קריג**,
סע האָט אַלעמען אָפּגעשטויסן פונעם שלום-וואָרט און געשטעלט — **זיך**!

זינט דאַן שטייט **שלום** צוגעדריקט מיט דער ברוסט צו **קריג**!
עס לאָזט ניט צו קיין מילדן וואָרט צום האַרץ פון **שלום**...
איז טאַקע ביטער. אַוווּ דער **שלום** זאָל רק זיך שטעלן,
רייצט אָן דאָס קריג-וואָרט אַלע ווערטער כסדר שטורעמדיק
און זיי ראַנגלען זיך אין געדרענג: לאָזט מיך! מיך!

אַ סומאַטאָכע ווערט צווישן פּשוטן, משפּחהדיקן וואָרטאַליזם:
אַלט־ראָמאַנטישע, אידעאַלע, יוסטע באַלעבאַטים־ווערטער,
פֿאַלן אין געדריי ווי שניי אָן אַ מענטשלעכן סדר, —
עס שטורעמען אַלץ פֿרישע, נייע און אַלערליי אַנדערשדיקע
מעלדן זיך שנעל, כאַטש לעבן ווייליק, אינעם גרויסן טומל...

ווען ווערטער יאַווען זיך ברענגען זיי שטענדיק מיט אַזוינס
וואָס ענלעך איז צו אונדזער אייגן געוויין און געלעכטער —
בראשיתדיקער תוהו־ובוהו־געפֿילדער איז זיי מער פֿון אַלץ געפֿעלן.
על־כּן, מוזן ווערטער האָבן איבער זיך אַ שטרענגן וועכטער,
שטרענג זיי איינצונעמען און געשטרענגטער נאָך — זיי אויסצושטעלן!

## דאָס יידנפאָלק — דאָס גאָט-נאַשערל

אַ קליין יידנפאָלק ליגט איסגעשפּרייט
איבער דעם גאַנצן ערד-קיילעך
און נאַשט גרויסע פּאַרציעס — גאַנץ גאָט;
עס נאַשט און נאַשט, שטיקער גאַנצע, נאַשט עס,
און די וועלט קאָן זיך מיטן קטונתי-פאָלק
(דאָס גאָט-נאַשערל) קיין עצה ניט געבן, — מראָט נאָך טראָט.

די גויאישע יעזוסדיקע וועלט מיט גאָר איר פעלקערלעכן חן
בייסט און בייסט דעם ייד און קאָן אים ניט צעקייען, ניט פאַרשטיין;
מחמת דאָס גרויסע אָנגעוואַקסענע יידישע גאָט שטיק
שווייגט און שטילט גאַנץ באַרוט אין אים;
עס וויל ווי גלעקער, מיט ניסים, זיך ניט צעקלינגען...

האָט דאָס גאָט-שטיק זיך אָנגעזאַמלט צווישן די גויאישע ציין
און זיי ווערן דערשטיקט מיטן אייגענעם גיפט דערפאַר
וואָס זיי קאָנען שוין קיינמאָל נישט קאָנען, דורך געפאַר,
דעם לעצטן ייד, דעם קלענצטיקן, איינגאַנצן דערשלינגען.
עס שרייט דאָס יידעלע, ניין און ניין, —
יידמאָל ניין!
ס'איז וואָר, מיר אַלע הערן ווי עס קלינגט אָפּ
אין דער נאַציפאַשיסטישער, טריפענער וועלט, ... אמן!
אָט דער אייביק-יידיש-עקשנותדיקער ניין און — ניין;
יידמאָל ניין! יידמאָל ניין!

# פרוידס אַ שטודיע איבער יידן

יעקב גלאַטשטיינען

יעקב האָט בלויז איינמאָל אָפּגענאַרט יצחקן זיין טאַטן;
אָבער ווי רויגן פיל־מאָל־פיל,
אין סטיכישן שפּיל,
פּאַלט אויף אים דאָס צעיושעטע פעלקער־געשריי:
האָסט שוין אָפּגענאַרט די וועלט מיט גויים
און אויך די קליגסטע יידן אפילו.

איז יעקב טאַקע פאַרבליבן אַן אומרויִקער, אַ אומצופרידענער.
רק ער זוכט און נישטערט אין פאַרבאָרגענע ווינקל־וועלטן
און שפּאַנט אויף נייע, פרעמדע וועגן.

רבקה פיטערט יעקבן מיט קלוגקייטן און לערנט אים
ווי דורך שלייקייט און שקר אויסמאַנטיען
ביים בלינדן טאַטן די פעטע ברכה
וואָס איז פאַר עשון פאַרגרייט געווען.
זי שיקט מיט אים אירם אַ מאכל פאַר אַ נאָווינע —
אַ ווילבאַטעמטס צו יצחקס גומען.
זינט דאַן איז ער אַ גרויסער מבין אויף געבראָטנס, יעקב;
דער מוטערס פּאָטראַווע פאַרפאָלגט און רייצט נאָך
ביז היינט־צו־טאָג זיינע צעפּליגלטע ניזדרעס.
(איז די קאַפּאָטע פאַרזעצן)
און אויף שבת מוז חלה זיך בלאָסן ווי אַ כלה
לעם געפילטע פיש און געבראָטנס.

פאַרן געצעלט, יצחקס, דאָס שטילע ווי אַ ציגעלע אַ וויים,
איז יעקב שטיין געבליבן אַ פאַרחלומטער
אונטערן מאַרגנשטערן מיט שימער־קילקייט.

ער האָט זיך געטאָן שרעקן מיט איין שרעק
אי פאַרן לייב און אי פאַרן הערש...
נאָר רבקהס שלאַנקער אָרעם איז געלעגן אויף זיין אַקסל
מיט אַלע זיינע ווייַרויכן און געווירצן.
ער האָט זיך געצויגן שלאַנגיש ביז די פייכט-באַלזאַמירטע פינגער
וואָס זענען בפירוש געווען ווי גיפט-צינגלעך
נאָר האָבן ווארעם געגלעט און גערעגט יעקבן
ווי ער וואָלט געווען אַ זעלטענער פויגל.

דערימעך האָט ער זיך מיט אַ פול האַרץ פרייד געפעדערט
מחמת דער געקלימפּער פון אירע אָרעמבענדער,
פיסבענדער, האַלדזבענדער
האָט געשטאַרקט און געקרעפטיקט אין אים דעם רייפגעוואָרענעם מאַנסביל
וואָס האָט זיך געטאָן שרעקן אי פאַרן לייב און אי פאַרן הערש...

ווען עשו האָט צעקייעט דעם לעצטן באָב פון זיין טאָפּ
וואָס יעקב האָט פאַר אים צוגעגרייט,
האָט ער אַנען געטאָן אַז יעקב איז אַ שאַכער-מאַכער.
ער האָט געזעצט מיט די פויסטן אינעם ביישטידל;
די טיגער-פעל אויף זיך געריסן
און געטאָן צערענען זיין עשוס כעס.

דרום האָט רבקה געראָטן יעקבן צו אַנטרינען.
לויפט יעקב מיט זיך אויף זיינע צעשראָקענע פּלייצעס.
עשוס שאָטן לויפט אים נאָך איבער אַלע וועלט-טיילן
און מאַכט פאַר אים, ווי אַ מינע-אויפרייס, אַלצדינג וויסט-און-פינצטער.
ער איז דאָס שרעק-מעשהלע פאַר קליינע קינדער
וואָס קומען אַרויס פון עשוס דיך.

יעקב שרעקט זיך שוין ניט מיט איין שרעק
אי פאַרן לייב און אי פאַרן הערש —
פאַר רבקהן, זיין מאַמע, וואָס האָט אים אָנגעוויזן מיט גייץ
אויף צו טאָן ליגנערן דעם טאַטן און דעם ברודער באַשווינדלען.

ער בייט זיינע נעמען ווי די כאַלאַטן, קאַפּאָטעס און מאַנטלען:
שייליאָק, יעקב מאַנטין און מנחם מענדל — וואָכיקע און ערדישע,
הירש לעקערט, נפתלי באָטווין און לייב טראַץ — שבתדיקע.
ער איז אַ גילגול אונטער די מזלות פון די שטערן.

נאָר דער געוויסנמאַטער — יעקבס געוויסן, געוויסן, געוויסן;
אוי, דער געוויסנמאַטער,
וואָס טוט ער אים, יעקבן, באַפוילן?!

ווער ווייסט ווי לאַנג נאָך באַשערט איז אים
אין שוואַרצע שאָלן צו זיין פאַרהוילן — — —

# אשרי האיש...

(אַ קאַפּיטל פּערזן)

צו א. סוצקעווער

אַז ווויל איז צו אַט דעם מאַן
וואָס האָט נאָך גרויסע בענקשאַפטן צו דיר
און ווייסט אַז ערגיץ וואַרטסטו, איינאיינציק,
מיט אַ סך גלוסטונג און פאַרשטענדעניש פאַר אים —
אַט־אָ דעם מאַן איז צו מקנא זיין שטאַרק,
וואָרום ער איז געגליכן צו אַ הונגעריק־שרייאיקער מעווע
וואָס לאָזט זיך אַראָפּ שפּייזן אויף די שטורעמדיקע וואַסערן.
נאָר ווי איז צו דעם מאַן וואָס איז ליידיק פון בענקשאַפטן
און דאַרף גאָרניט, אַז ערגיץ, איינאיינציק, זאָלסטו אומרויִק
און אומגעדולדיק, מיט געבעריקן וואָרט אויף אים וואַרטן.

אַזוינער ווייסן מיר, איז געגליכן צו אַ פיש
וואָס גוססט גראָד אויף דער הייסער יבשה
בעת ער איז גאָר־נאָענט — איין שפּאַן פונעם וואַסער.
אוי, וואָלסטו זאָגן צו וואָס דו ביסט געגליכן?
צו אַ זינגעוודיקן יונגלינג ביי אַ פאַרוואָרלאָזט פאָלק
וואָס האָט ניט קיין יוגנטלעכע נאָכפאָלגער לעם זיך,
נייערט, מיאשדיקע זקנים און זקנות
וואָס קיין שום ליד, אַ יוגנטלעכס, קאָן זיי ניט וואַרעמען.
אַז ווי איז צום זינגער וואָס ווייסט עס אַליין
און מוז נאָך דעם טרויער אויך זינגען זייער פאַרזיכטיק.
אַז ווי איז צום פאָלק, אַן אַלט פאָלק,
וואָס האָט ניט קיין אויער פאַר זיינע פּאָעטן,
און נאָך פיל מער ווי איז צום פּאָעט
וואָס האָט ניט קיין אייגנאַרטיק פאָלק.

און זיי זענען געגליכן צו איינציקע, טרוקענע שטרוי
וואָס פאַלן אויף פלאַמיקע צונגען פון דורשטיקע פייערן, —
ביידע שטאַרבן אינעם אָנגעזיכט פון וואַרטגעבערישער ליכטיקייט
און ווערן פאַרגעסן אין דער קאַלטער אָנוועזנהייט פונעם אָרום.

אָ, אשרי האיש,
ווען וועט זיך אָפּטאָן פון אונדז
דאָס פילפּרעסיקע פעלקערגעמיש — — —

## שיר השירים...

שיר השירים;
איך קוק אויף דיר איצט, ווי אויף אילוסטראַציעס
וואָס באַצירן אַנאַטאָמישע טעקסט-ביכער,
און פרירן איין מיינע ייִנגסטע ליידנשאַפטן.
שיר השירים:
איך האָב בשתיקה גענאַשט
אין מיין זיבניאָריקער ייִנגלישקייט
דעם געהיימען טעם פונעם בייזן, שרעקעדיקן „מעיןֹ טהור״,
וואָס מיין באָבע האָט אויף אים אויסגעטערערט
איר לעצט ביסל פרום אויגנשיין.

דעם „ מעין טהור״ האָט זי אָפּגעלאָזט קעגן דער סטעליע
ווהין מיינע ייִנגלישע אייגעלעך האָבן געשאָסן
מיט מאָנען-מאַנען-מיינען — גאָלע אומפאַרשטענדלעכקייטן.
מיין באָבעס ספרים אויף ייִדיש-טייטש
האָבן אָפּגעשלאָגן די ערשטע פונקען
וואָס צעצינדן דאָס פייער אינעם פּאָעט.

שיר השירים,
דו באַגלייטסט מיין לייענען פאַרשטאָרבענע פּאָעטן,
די לאַנג-געזונגענע לידער,
דאָס דערגרייך-ליכט פון אויסגעלאָשענע שטערן.
זייער געטריישאַפט צו שולמית
האָט נישט געאָנט די אָפּנהאַרציקייט פון הײַנטצייטיקע לידער.

אָ, לידער, אָ ברידער, פֿאַרשטאָרבענע פּאָעטן.
איך קום מיט אָן אַ שיעור דאַרווינסטישער איינרעדעניש –
עס ציט מיך צו דער רו פֿון אייז,
כאָטש אויך איך דריי זיך
אין שיר־השירימדיק פֿייער...

# דער זעלטענער געטראַנק

ווער האָט ניט דעם געפיל פאַרן זעלטענעם געטראַנק,
וואָס אין אַלע ערגעצן איז ער פאַרפּול פאַראַן,
אַנגעפילט מיט כל הטעמים ווי אַמאָל דער מ ן?
טרינקט ווער פון אים — ווערט האַרץ און געדאַנק
צעהעלט מיט רייץ און פלייץ פון יענעם א ו ר־י ה י
ווו דאָס קלענסטע ברעקל, מינדסטער טראָפּן — געשאַנק
פון א י ם שטראַלט און קוואַלט אין בגדי־פּאָעזיע —
ווער האָט ניט דעם געפיל פאַרן זעלטענעם געטראַנק?

# אין וואַרשעווער געטאָ

(טעקסט פאַר אַ קאַנטאַטע)

דער טאָג.
דער טאָג.

דער לעצטער, דער אייביקער —
דער הייליקער טאָג
אין וואַרשעווער געטאָ.

דער טאָג.
דער טאָג.

און עס זענען געווען נעכט,
און עס זענען אַוועק — טעג
ביז געוואָרן פון אַלע
איין אָפּגרונט־נאַכט
און פון איר — איין לעצטער, ציטערדיקער טאָג.
ער איז געלעגן, אין די אויגן געגליט,
אַט די וואָס האָבן פאַרחתמעט און געוווּסט,
פאַרחתמעט דעם הייליקן סוד פון שטאַרבן
מיט אַ ברייזן נקמה פאַרן מעכטיקן שונא.

די שטיינער פונעם ברוק,
די פּרענטעס פון די ווענט
און דאָס גלאָז פון די שויבן
אַליין זיך אַרויסגעריסן —
פאַרן כבוד פונעם יידישן געוויסן,
פאַרן מענטשלעכן און וועלטלעכן — אויך;

געשפּרונגען אין די פּיבערדיקע הענט פון די,
וואָס האָבן טיף פאַרבאָרגן אין זיך דעם סוד
פון הייליקן שטאַרבן מיט אַ ברייזן נקמה
פאַרן נאַצי דעם מעכטיקן שונא.

דער טאָג.
דער טאָג.
דער לעצטער, דער אייביקער, —
דער הייליקער טאָג
אין וואַרשעווער געטאָ.
דער טאָג. טאָג. טאָג.
אייביקער טאָג...

ווען סע האָט זיך אָנגערוקט דער נאַצישער טאַנק,
ווען סע האָט פאַרשפּרייט זיך דער נאַצישער עראָפּלאַן,
איז די לופט געוואָרן מבולדיק-קראַנק,
די גאַסן — אַ העליש-בראַנדיק, געטאָ-קלעמיקער שפּאַן.

די ווענט געראָלט האָבן זיך ווי יריחום
און אַלץ האָט אין תהו-ובהו געבראָכן מיט פייער.
און די וואָס האָבן געזען די ברענענדיקע נאַצישע רוחות,
דערפילט האָבן העלדיש ווי דער ברייזן נקמה איז טייער.

די יידישע האַנט האָט פאַרכטיק געצילט צום נאַצי אַהין;
יעדער איז געווען זיין סאָלדאַט, זיין גענעראַל — אָן צעמיש.
סיי דער שטיין און סיי די קויל פונעם אַלטן קאַראַבין
האָבן זכיהדיק געפּאָלגט און געוויספּערט: אשרי האיש...

אָה, וואָלט דאָן ירמיהו הנביא געווען אין געטאָ צווישן,
ער וואָלט ניט געוויינט... וויינען זאָל אָן אַ טאָלק
די שווידערלעכע וועלט, ווען זי וועט זיך דערוויסן
פונעם חשמונאים־גייסט ביים תהילימדיקן פאָלק...

דער טאָג, דער לעצטער טאָג ;
דער אייביקער, הייליקער טאָג
אין וואַרשעווער געטאָ.
דער טאָג. טאָג. טאָג.
אייביקער טאָג...

ס'איז דער טויט אַליין שוין, אַליין דאָרט,
אין וואַרשעווער געטאָ געבליבן ;
געזעסן מיט זיך דאָרט איז דער פּאַרטיליקטער טויט
און באַוויינט די הריגה פון לעבן ;
ס'איז דער טויט בלויז מיט זיך דאָרט געבליבן,
געשפּרייט זיך און געקלאָגט איבערן כאַאָס,
איבערן ים מיט קוואַליקן, העלישן חורבן.

דער טויט האָט געוויינט,
זיין ליד האָט געמיינט —
דעם טויטנס אייגן ליד
האָט געשפּרייט זיך
מיט אַ קלאָג און געמיינט :

דו, העלישער, טייוולשער, העלישער נאַצי.
פאַרשאָלטן ווער מיט גהינומשע קללות!
פאַרשאָלטן זיי מיט די פּלאָגן פון פּרעהן, —
געטאָפּלטע מכות־בכורות פאַר דיר,
דו, לייזיקער, בלוטיקער, לייזיקער נאַצי!

דער טויט האָט געוויינט,
זיין ליד האָט געמיינט:
מיט יעדן העלדישן ייד וואָס געדאַרפט
האָב איך זיך פאַרבונדן אין פאָרן
אין דער וואַרשעווער בראַנדיקער געטאָ
האָט קעגן אים דער מעכטיקער שונא פאַרלאָרן, —
דער טייוולשער, העלישער, טייוולשער נאַצי!
דו, ברויזיקע, גיפטיקע דומהייט — נאַצי־מגפה!

אַזוי וועט זיין פאַר דורות — די גראָדע ליניע;
דער העכסטער העלדישער גראַד, —
ווען אַלע פעלקערשע פינגער און לענדן
וועלן זיך ציען און טייטלען קיין סטאַלינגראַד,
וועט די מוטערשטאַט — דער גואל־הדם־העלד —
צו דער וואַרשעווער געטאָ זיי ווענדן:

דער מעכטיקער שונא דעם מענטשנס,
דער טייוולשער, העלישער, האַסיקער נאַצי,
האָט פאַרלאָרן, אויף תמיד פאַרלאָרן!

די העלדישע פינגער — ביקסן געצילטע,
פון קדושים די פינגער וועלן ווייזן.

דער שונא דער וויסטער,
די גיפטיקע דומהייט, די נאַצי־ מגפה,
פאַרלאָרן האָט אויך אין דעם וואַרשעווער געטאָ!

ער האָט איינמאָל ביי דער וועלט פאַרלאָרן
און ביים טויט — אַלע מאָל — פאַרלאָרן!

אָ, געבליבן איז דאָס לעבן!
דאָס לעבן געבליבן — איבעראַלעם!

ס׳האָט דער פינצטערער שונא, דער נאַצי, דער וויסטער,
פאַרשלונגען דעם טויט גאָר אינגאַנצן;
זיך פאַרכלינעט מיט גרוילן און געבליבן דערוואָרגן!

ער האָט ביי דער וועלט און ביים טויט — פאַרלאָרן!
געבליבן איז לעבן — דאָס לעבן — איבעראַלעם!
דער ליכטיקער, פריידיקער מאָרגן!

אַזוי און אַזוי, נאָר אַזוי,
איז דאָס וואַרשעווער געטאָ — אַן אייביק!
דער קדושים־גייסט פון וואַרשעווער געטאָ
איז אייביק ווי מיר זענען אייביק.
איז אייביק און אייביק אויף אייביק
ווי אַלץ וואָס מוז לעבן און שאַפן — אייביק.

אָ, מוט פון װאַרשעװער געטאָ, ביסט אײביק!
אײביק גרױס איז דער מוט,
דער הײליקער מוט איז געגרױסט פון די לעצטע
װאָס האָט זינלעך געמאַכט דאָס יידישע לעבן!

גאָט און װעלט, זעט: דער לעצטער ייד,
אַ שטאָלצער מענטש אין בױנע.
אין לעצטער שעה פון טאָג, אין הײליקסטן לעצטן טאָג
מיט דעם ברײזן נקמה פאַרן גיפטיקן, בראַנדיקן שונא!

## פרייהייט אויף אַ... אויף!

הערט אוים, טייערע יידישע קינדערלעך,
דאָס-אָ ליד איז ניט קיין פאַבל
געוויקלט אין ווערטער-ווינדעלעך;
אַ נו, טרעפט נאָר וואָס הייסט פרייהייט
אויף אַ... אויף? איר זייט קאַפּאַבל?

דאָס פייגעלע טאַנצט קעגן שפּיגעלע,
ס'איז דעם ווויל, אָן שום דאגהלע;
האָפּסלט עס אויף דראָטיק שטיגעלע;
סע האָט פרייהייט אין געפּלאָכטן שטייגעלע.

פרייהייט, ווייסט איר, איז נישט אַ באַגריף
בלויז, ניין, טייערע, ווי דענקט איר?
טראַכט וועגן דעם אַ סך אין דער גאָרער טיף
און ענטפערט, עכטן, גיט אי זיך אי מיר.

אָט לויפט אַ מיידעלע — נאָך איר אַ הינטעלע
יאָגט זיך פריי כאָטש דאָס העלדזל אויף אַ קייטעלע;
סע שפּרינגט פריידיק, שטיפעריש ווי אַ ווינטעלע
וואָס בלייבט נישט, נאָר רק מאכט פלימהלע.

דאָס הינטעלע וויל אויך אַזוי, לאָזט נישט קייטעלע.
דערוויל רוישט צו אַ פאַרטורעט-זויפעריש בינעלע,
טאַנצט אום זשומענדיק פון קווייט צו קווייטעלע —
ס'איז פריי, אומגעבונדן, חוץ צום נעקטאַר און סלינעלע.

נאַר עפּעס איז עס פול מיט שרעק, אַ גוואַלד!
סע שטייט נישט אין אויף קיין אָרט און פּלאַץ;
געטרויט קיינעם נישט, פאַרדעכטיקט באַלד:
דעם מענטש, דעם הונט און אוודאי דער קאַץ.

איצט שוין, קינדערלעך, זייט איר משער זיך דווקא
וואָס פרייהייט איז? ווו געפינט זי זיך?
אין שטייגעלע? אויפן קייטעלע? אין הינטעלעס האַווקע?
צי גאָר אויף די נעגל פון פינגער אין צעריסענע שיך?

צי אפשר גאָר איז פרייהייט אַ דאָרט, דאָרט
ווו דער נביא בלויז האָט דערהערט טאַקע
איר איינציקע שטים ווען פרייהייטס-וואָרט
געשעפּטשעט צו אים: בקול דממה דקה?...

נו, זאָגט, טייערע יידישע קינדערלעך,
אַ יאָ, ס׳איז נישט קיין פאַבל
געוויקלט בלויז אין ווערטער-ווינדעלעך?
טאָ טרעפט-זשע וואָס הייסט פרייהייט
אויף אַ... אויף? איר זייט קאַפּאַבל?!

## אַ נײַ ליד פֿאַרן ערשטן מײַ

דער רעגן אויף מאַרצאָווע צווייגן
האַלט זיך ניט; פֿאַלט איילנדיק אַראָפּ.
ער רעדט שנעלע רייד צו זיי:

כ׳בין דער שליח וואָס דאַרף יעדן אָנזאָגן —
פֿרילינג, פֿרילינג, פֿרילינג.
פֿרילינג שיקט מיך,
וואָס גיכער אויפֿגיך,
דער מאַמע־ערד־בויך אָנשוואַנגערן
מיט מײַ־גרינע פֿילבלעטעריי אום און אַרום,
אויפֿסניי,
ווידעראַמאָל, ווי אַלע מאָל,
תּמיד פֿונדאָסניי —
נערן דאָס צוקונפֿטיקע ברואימטום:

פֿעלקער־ווערעמלעך,
פֿעלקער־זשאַבקעלעך,
פֿעלקער־שלענגעלעך,
פֿעלקער־זשוקעלעך,
פֿעלקער־פֿישעלעך,
פֿעלקער־חיהלעך,
פֿעלקער־טייבעלעך.

דער רעגן אויף מאַרצאָווע צווייגן
האַלט זיך ניט; פֿאַלט איילנדיק אַראָפּ.
ער רעדט שנעלע רייד צו זיי:

וואַכט־אויף, וואַכט־אויף, איר פֿעלקערטום.
זייט גרייט איבעראַל אום און אַרום:

צום נייען און קלייען און דרייען,
צום פיילן און קניילן און איילן,
צום שעפּן און שטעפּן און קלעפּן,
צום זעגן און פּלעגן און וועגן,
צום גראָבן און שאָבן און האָבן,
צום שלייפן און פייפן און גרייפן,
צום קלינגען און זינגען און שווינגען
ביז צום סוף-זומער דעם רייפן.

ביז צום שפּעטסטן עלאַסטיש-זומערדיקן שפּאַן,
ביז צום לעצטן זונשטראַל-דזשענטלמאַן, —
ביז דאַן, דאַן, דאַן און דאַן
ביז דער לאַנגער, ווייסער קוזין מיינער וואָויוואָוואַן,
דער בויאַן, דער שטורמאַן, דער פּראָסטאַן
אינעם פוכיקן שטיליקן געשפּאַן
וועט קומען מיט שנייאיקע בלומען
און אַלצדינג פאַרקווייטיקן מיט אייזמויערן
פון טרויערן, באַדויערן, הויערן און לויערן.

דער רעגן אויף מאַרצאָווע צווייגן
האַלט זיך ניט; פאַלט איילנדיק אַראָפּ.
ער רעדט שנעלע רייד צו זיי:

אויף מיר וועט זיין כעס ס׳מערסטע קלעקן,
ער וועט מיך נאָכיאָגן מיט גרוים צאָרן אין אַלע עקן
און מיך דעקן מיט זיין שווערן שטעקן;
ווע ער וועט מיך אַ שוואַכזומערדיקן פּאַקן,
וועט ער קנייפּן און קנאַקן
מיין נאַקן און די באַקן;

ער וועט מיך שטיין לאָזן גלאָמפּיק
אין זיין כישופדיק-פאַרגליווערטן שלאָס — סטאַטועטיש —
לוטס אַלטיטשקע מיטן פּנים אויסגעדרייט פאַטעטיש
צו מיינע ערשטע יונגנטלעכע זומערטריט ;
און אַ שטראָף האָט ער צוגעגרייט פאַר מיר אַ שטראָף,
אַ שווערווינטערדיקן שלאָף, שלאָף, שלאָף.

דער רעגן אויף מאַרצאָווע צווייגן
האַלט זיך ניט ; פאַלט איילנדיק אַראָפּ.
ער רעדט שנעלע רייד צו זיי :

כ׳ווייס, איך בין ניט מער ווי אַ שליח
און ביז דאַן, דאַן, דאַן און דאַן
מוז איך גיין אין שפּאַן ;
כ׳בין בלויז דערפאַר
פאַרן אום און אַרום
דער שטילער אַגראַר
וואָס האַלט אין וועקן, וועקן, —
שטייט אויף איר פעלקערטום !

אַזוי איז דער גורל פון פרילינג-שליח, איי, איי, איי !
זיך טאָפּשען אין בלאָטעס, אין נעץ און אין סליאָטעס
ביז קומען וועט דער אויסגעבענקטער משיח מאַי !

דער רעגן אויף מאַרצאָווע צווייגן
האַלט זיך ניט ; פאַלט איילנדיק אַראָפּ.
ער רעדט שנעלע רייד, ער טאָר ניט שווייגן...

## אַ פּאַרטיזאַניש ליד פון ניינצן הונדערט דריי און פערציק

(נאָך אַ אַלט־יידישן מאָטיוו)

עראָפּלאַן, עראָפּלאַן,
וואַרף מיר אַראָפּ
אַ ביקס מיט קוילן,
אַ ביקס מיט קוילן.

אויף וואָס דאַרפסטו,
ייִנגעלע בלאַסער,
אַזאַ שווער געווער,
ווען דו קענסט קוים גיין?

כ'וועל טראָגן די ביקס
אין וואַלד צום טאַטן
וואָס קעמפט צוזאַמען
מיט פּאַרטיזאַנער.

עראָפּלאַן, עראָפּלאַן,
וואַרף מיר אַראָפּ
אַן אווטאָמאַט־געווער,
אַן אווטאָמאַט־געווער.

אויף וואָס דאַרפסטו,
ייִדישע מאַמע,
אַן אווטאָמאַט־געווער
ווען דו ביסט אַליין?

כ׳וועל אים אָפּטראָגן
צו מיין זון דעם העלד
וואָס וואַכט אין לויער
מיט יאַטן אין בערג.

עראָפּלאָן, עראָפּלאָן,
ווארף מיר אראָפּ
אַ האַנטגראַנאַט,
אַ האַנטגראַנאַט.

אויף וואָס דארפסטו,
מיידעלע קליין
אַ האַנטגראַנאַט,
ווען דו קענסט קוים שטיין?

כ׳וועל פּויזען ביינאַכט
צו לייגן אים גראַד,
באַנאַנד מיט מיין האַנט,
אויף נאַצישער רעלס.

# סטאַלינגראַד

די גאַנצע וועלט האָט זיך אַריינגעצויגן צו דיר,
דו, העלדנשטאָט פֿון אַלפֿאַרבאַנדישן פֿעלקערטום.
ירושלים אָדער רוים,
מאָסקווע קעגן בערלין,
די אויסגעסטאַרטשעטע אויגן פֿון דער מענטשהייט
קוקן איצט געשפּאַנט נאָר אַהין —
זיי זענען בייטאָג און ביינאַכט וואַך,
צוזאַמען מיטן האַרץ פֿון דער וועלט — סטאַלינגראַד!

דער זקן שטייט אויף צו חצות
(ס'איז מיין טאַטע זאָל לעבן)
ער גיסט אָפּ נעגלוואַסער באַגלייט מיט אַ שווערן קרעכץ
און די ערשטע מחשבה זיינע איז — סטאַלינגראַד.
— טאַטע פֿון אַלע וועלטן, ראַטעווע סטאַלינגראַד!
און דיין ירושלים וועט שוין בלייבן
ירושלים קעגן רוים-און-בערלין אין דיינעם רוים...

אין אַלע מגילות פֿון די פּילגעפּלאָגטע פֿעלקער
וועט אייביקן דער שטאָלצער מענטשנגאָמען — סטאַלינגראַד;
סטאַלינגראַד, גואל-הדם פֿאַר די געשענדעטע פֿעלקער —
ביסט דאָס שטאַרקסטע קאַפּיטל תהילים פֿון פֿאָלקסהעלדישקייט,
פֿון דער פֿרייער פֿעלקערשאַפֿט
וואָס האָט אויף דורותדיקן שטענדיק,
מיט לייב-און-לעבן,
זיך אַריינגעקליבן צו דיר — סטאַלינגראַד;
סימבאָלישע מוסטערשטאָט, געטרייע.

דו, מוטערשטאָט פון דער פרייער וועלט
וואָס האַלט אין געבוירנוווערן אַט באַלד, באַלד. —
זי שיילט זיך פון אַלע געפּערלעכסטע געפאַרן צו אויסגעפּאַר.
דיינע ווייען פליִיצן מיט ליכטיק געזאַנג צווישן פלאַמען,
די אַלטע וועלט טוט אויס אַצינד איר לעצט העמד דערפאַר
און איז גרייט צו שטיין מיט דיר פאַר דיין אמת — צוזאַמען.

אָ, זי וועט אים זינגען צוזאַמען מיט די שטערן,
צוזאַמען מיט די קאַווקאַזער בערג,
צוזאַמען מיט די טייכן, דניעפּר, דאָן און וואָלגע,
צוזאַמען מיט די סטעפּעס, שניי און וועלדער
פון דער הייליקער פּאַרטיזאַנישער רוסישער ערד —
אַלע וועלן זינגען דאָס געזאַנג פון דער סימבאָלישער שטאָט:
מזמור שיר צו סטאַלינגראַד.

אָן אייביק געזאַנג צו דער מוטערשאַפט פון אַלע פעלקער
וואָס האָבן זיך אַריינגעצויגן צו דיר
און זעען דורך רויטאַרמייער די באַפרייטע וועלט.
אַ געזאַנג צו דער צוקונפט איז עס
פון די טיפענישן פון גערעכטן בלוט זינגט זיך,
פּונעם גואל־הדם פאַר דער פאַרגוואַלטיקטער וועלט, אַ זינגען,
דאָס זינגעוודיקע געזאַנג — סטאַלינגראַד,
די געעפנטע טיר צו דער באַפרייונג פון אַלע פעלקער.
איך קום דיר מיט מיין יידישן חלום אַקעגן;
דו אייביקער קוואַל — פאַלקסהעלדישקייט פון פעלקער;
אָה, ווער צייכנט אָן דעם גורל פון אַ חלום...

## ווען לענין היט די מאָסקווער גאַסן

דער בית המקדשדיקער מאַוזאָליי, —
ווו לענין רוט דעם גאַנצן טאָג
אונטער בליקן ליכטיקע פון אַלפעלקערשע קינדער —
ליידיקט זיך אוים מיטן אויסשפרייט פון דער נאַכט,
און צו דער הויך איז אַ וואַך געצילט אַן אָנגעגרייטער,
צום פאַנטאַזם פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערטס מלחמה־פראַכט:
פראָזשעקטאָרס צעצינדן הימלישע לייטער נאָך לייטער
און בײַסן, רײַסן, און באַנײַסן מיט טיפן פלײַסן
די וואָרעניש צום שוואַרצן הימל דורך ליכטיקע פאַסן.
לענין שוועבט פאַרביי — אַ שטיק פאָספאָר אין דער פינצטער
און היט שטאַרק די פאָרכטיקע חברישע מאָסקווער גאַסן.

אָט באַווייזט ער זיך אינעם קאָרטענעם קאַשקעט
און אָט — אין דער פיטערנער קיטשמע;
ספינקיש, ווייטזעעוודיק און וויזיאָנעריש פאַרקלערט;
ער שטעקט גראַד זיין האַנט די רעכטע
געצויגן גראַד ווי אין אַ געשווערט,
און אָט־גאָר, צום שלום עליכם, —
דער באַוווּסטער לענינס חברישער באַגרים.

ער איז לעם יעדן איינעם,
לעם יעדן קינד און בירגער,
לעם יעדן טאַנק און מויער, —
ער איז לעם יעדן רויטאַרמייער וואָס שטייט אַ גרייטער
ווען פראָזשעקטאָרס צינדן רוימיק־תהומיק לייטער נאָך לייטער;
זיי גראָבן זיך אין די הויכן מיט געשפאַנטער לויער.

אָ, לענין! לענין! לענין!
ווי נאָר אַ בליק דערשנאַפּט אים
אַזוי גלייך פאַרשווינדט ער —
שטראָמט אין האַרצן מוטיק-וואַרעם, אַ געזונטער;
און אַ גרוס, אַ דמיונדיק-שטאַרקער, בלייבט אַ דערפרייטער;
אָ, זכיהדיקער לענינבליק וואָס צעהעלט זיך מונטער;
פּראָזשעקטאָרס שטייגן צום הימל — צעצינדן הימלישע לייטער.

— העי, טאָוואַרישטש! אָ חבר!
האָסטו געזען וואָס איך אָקאָרשט
האָב איצט דערזען?!
אַ בפירושדיקע וואָר!
פאַר מיינע אויגן — אַ בליצגעצונטער...

— דאַ, דאַ, טאָוואַרישטש!
— יאָ, יאָ, חבר!
ס'איז לענין פאַראַן דאָ צווישן אונדז אויף מאָסקווער גאַסן.
דער געפּיל פון האַרץ און מוח אין ליבסטן פורעם אַ פאַרקליידטער
ווען פּראָזשעקטאָרס מאַכן העלער דעם חלום פון אַ סימבאָלישן לייטער.

יעדערער איז אַ לענין לעם צווייטנס זייט איצט;
ער וואַכט און באַוואַכט! און דערוואַכט אַלץ!
ער שיצט און באַשיצט! און דערשיצט גאַנץ!
אָ, ווען אַלע היטן חבריש אַלעמענס לעבן צוזאַמען,
איז דעם ל ע ב ן אַליין טאַקע אויך יומטובדיק גרינגער.
עס רייַסן, בייַסן, שטאַרקער נאָך אויף באַנייַסן מיט פלייַסן
די שניידנדיקע ריטער — פּראָזשעקטאָרס — בן אָדמס זוכנדיקע פינגער.

אָ, מאָסקווער הימל! אויסגעפּוצטער אין ווּנדער פון מיראַזשן, —
אַליין אַ סאָלדאַט וואָס באַוואַכט צעוווּנדיקט און צעבריט
דורך פיל געקרייַיצטע לייטערדיקע ליכטער ווי באַנדאַזשן.

ניט שלאָפן וועט היינט קיינער ביזן טאָג דעם בלאַסן,
ווען לענין אַליין, פּאַרטייעט און פּאָרכטיק ווי אַלע, היט
און פּאַרהיט, די וואַכע אויגנפּאַרפּלייצטע, מאָסקווער גאַסן...

דער ייד שלאָפט אויך ניט, ער קוקט אַרויף
צום נאָענטסטן שטערן — יידיש...

1942

## בודיאָני פאַרן אויפגעריסענעם דניעפּראָסטראָי

ווען בודיאָני האָט באַפוילן
אויפצורייסן דעם דניעפּראָסטראָי —
דעם סלאַוום יאָרהונדערט ווונדערגעבוי —
האָט דאָס וואַסער געפּילדערט אַ ווילדוואַלדיק געוואָי
און דעם הימל מיט קולות געפּאַטשט, מעשה־בראשית.
וואָלקנס ווי ערדן האָבן פאַנאַנדערגעטיילט די צאַמען
און ימען מיט שטיקער הימלשן בלוי
האָבן זיך צעבלוטיקט מיט זוניקן רויט;
ס'איז געווען זונפאַרגאַנג מיט זונאויפגאַנג צוזאַמען —
ערד־און־הימלס געמיינזאַמער טויט...

דער קאַזאַקישער מאַרשאַל האָט צעלאָזט די וואָנצעס
ווי צוויי קולעם שטרוי
און געציטערט ווי אַ יידישער — אוי;
זיין קאָפּ שטאַרק געשווערט אין קלערן.
זיין רעכטע האַנט צום שטערן
האָט זיך פרום געהויבן;
נאָר זי האָט אים ניט געצלמט...

יאָ, ניט פאַרלאָרן איז געווען בודיאָני,
בלויז געטראַכט ווי דאָס פאַטאַלע אָפּצוקלערן
פון דער מענטשלעכער איראָניע;
אָ, די שטענדיקע סלאַווישע דאָליע — איין צרה!

ער האָט אויפגעהויבן די האַנט
און אָנווייזנדיק צום שטראָמפּלייציקן וואַסער
טאַקע מיט זיין הויכן קול, וואָס האָט זיך איבערגעריסן:
— קאָזאַקן! העי, קאָזאַקן!
הערט! הערט! מיינע קאָזאַקן, הערט!
ווער קאָן באַזיגן דאָס דאָזיקע ראַשרוישיק וואַסער?!
אָט אַזוי קאָן קיינער קיינמאָל ניט באַזיגן
אונדזער מאַמע-רוסיש-סאָוויעטישע ערד!

והפנקס פתוח, והיד כותבת:
אָט דער חלום מיינער — יידיש —
איז דאָ אויך נישט הוילע פּרוידיש;
אייביק איז ער ווי אייביק ס'איז ירושלים עיר הקודש...

1942

# שלאָסליד

אַ דיכטונג, וואָס ביסטו?
ליים, פעלדז, קליי, ערד?

אַמאָל: גראָז, בלום, דאָרן, דעמב, מדבר;
רעדסט, שרייסט, זעסט, קוקסט, ברויזסט;
שיינסט, ליכטיקסט, זוניקסט.

ביסט קלוג, געשייט, ערלעך, פּקחותדיק;
שאַרפזיניק, המצאהדיק, דערפינדעריש;
אַמאָל: ווייך, צאַרט, איידל, געפּילפּול, רחמימדיק;
שוועסטער־ברודערדיק, טאַטע־מאַמעדיק — פאָלקיש.
אַמאָל: עקשנותדיק, פאַרביטערט, האַרט, שאַרף, רישעותדיק,
דורכגעוויטערטער קיזלשטיין; איינגעוואַקסענער וואָרצל.

אַ דיכטונג, וואָס ביסטו?

ביסט פאַרב, קלאַנג, מוזיק — ציקלאָנישער שטורעם;
ביסט ליריש, עפּיש, ניי, פריש, ערשטיק, איצטיק;
ביסט העלזעעוודיקער הימל, אימהדיקער תהום;
ביסט וואָר, חלום, קאָשמאַר — דיכטונג.

אַמאָל: פרייִלעך, שטיפיק, שפּילעוודיק — פריי געלעכטער;
גאָר דאָס סאַמע גאַנצע ערדישע לעבן;
אַמאָל: טרויעריק, פאַרצערט, קלאָגעוודיק — בלויז געוויין
פון הימלען וואָס וואַלגערן זיך אין די בלאָטעס.

אַ דיכטונג, וואָס ביסטו?

ביסט בייזמעלאַנכאָליש, פֿאַרווירט, פֿאַרפּלאָנטערט — שיגעון!
באַפֿעלעריש, הערשעריש, פֿאַרכאַפּנדיק, אומענדלעכער לאַבירינט;
שד, שרעטעלע, שטן, שאָטן, אָפּבילד, גען פּילפּנימדיק!

ביסט נאָכגיביק, עלאַסטיש, קנעטבאַרדיק, אונטערטעניק;
קלאָר, פֿאַרפּירעריש, קינד, זקן, אפֿלה און מיראַזש;
מוראַדיקער וואָפֿן, און שפּילעוודיקער אינסטרומענט!

אַ דיכטונג, וואָס ביסטו?

מיין שרעק, מיין ציטערדיקע האָפֿענונג, מיין אייביקייט;
מיין יידישטייטש, מאַמע פֿון צעשטראַלטן לשון־יידיש —
אַ דיכטונג, היה, הוה ויהיה! דו לעבנספֿערז, סוד, גורל;
מיין נאָענטסטער שטערן — יידיש!

סעפּט. 1938

ווערטער פֿריינד מ. דייטש!

איך האָב געלייענט אויפֿמערקזאַם אייער ליד. איך האָב גאָר געהאַט אַן אַנדער באַגריף וועגן אייך — כ'מוז זיך מודה זיין. איך האָב געמיינט, אַז איר זענט אויך פֿון די גייער אויף די שטאָלצעס, די אומגעלומפּערטע, מיט די געגרייזלטע, נאַרישע פֿראַזן און די הילצערנע שטיקלעך עברי, כּדי צו גילטן פֿאַר מאָדערנע, פֿאַר יונגע, פֿאַר ייִנגסטע. ערשט איך לייען איבער און זע אַ האַרציקע, אמת־פֿאָלקסטימלעכע פּשטות.

איך וועל אייער „בערדיטשעווער" דרוקן; איר וועט מיר אָבער דערלויבן אַ פּאָר שורות, וואָס פּאַסן זיך ניט אַריין אין אַלגעמיינעם טאָן, ענדערן.

מיט האַרציקן גרוס

אייער א. ליעסין

יולי, 1937, נ. י. שטאָט.

(פראַגמענטן פון יעקב גלאַטשטיינס אַ בריוו צו מיר)

ליבער מאַטעס דייטש !

איך מוז אייך דריקן די האַנט פאַר אייער פראַכטפולן מאָנומענט אויף אונדזער הילפלאָזיקייט.

אייער ליד „העי, לייזעו, אַראָפּנעם דיין היטל" איז אַ שעדעווער. איך האָב עס שוין געלייענט און פאַרגעלייענט אַ צענדליק מאָל. ווען מיר וואָלטן געהאַט אַן אינטערנאַציאָנאַלע בראָדקעסטינג סטאַנציע וואָלטן מיר עס געדאַרפט לייענען צום פאָלק ישראל, ביז אונדזער פאָלק וואָלט רויט געוואָרן ווי אַ קאָזאַק פון בושה.

דאָס ליד האָט אימפעט, פּאַטאָס און אַלע שאַנסן צו פאַרבלייבן אין אונדזער מוזיי פון געקליבנקייטן, ווייל עס פאַרמאָגט נישט קיין פּגם.

גלייבט מיר, אַז מיינע לויבגעזאַנגען קומען נישט דערפאַר, ווייל אייער אויסגעצייכנט אַרטיקל איז דאָ אין דעם זעלבן נומער „העפטן". איר ווייסט גאַנץ גוט אַז איך בין געמאַכט פון האַרטערן שטאָף. אייער ליד איז אַ מייסטערווערק.

וועגן „אידישטייטשן" האָב איך געלייענט מיט גרויס הנאה. איך האָב געפילט אייער וואַרעמקייט און אייער דורכדרינגען מיין בוך מיט דעם שענסטן פּאָעטישן עקסרעי. אייער קלאַסיפיקאַציע פון די לידער האָט מיך גערירט, ווייל איר האָט דאָס בוך פאַנאַנדערקאַטאַלאָגירט אַזוי געטריי ווי איך האָב עס אויפגעבויט. עס האָט מיך ספּעציעל געוואַרימט אייער פאַרשטיין „די לעצטע הון שאַפט" — קיינער האָט עס נישט אָפּגעשאַצט.

עס איז גוט צו האָבן אַ ברודער.

שרייבט וואָס מער אַזעלכע „לייזערס" און „מאָנאַ ליזאַס" און איר האָט מיך פאַר אייער שטענדיקן פאַרערער.

גלייבט מיר איך האַלט אייך פאַר אַן אייגענעם

אייער יעקב גלאַטשטיין

# אינהאַלט:

## פּערצן מניגים צענער



## פלאַם פון מיין שטאַם



## פּאָעטיש, וואָרטיש־ווערטיש

זייט



## אין ראַם פון טויט



## סאַטיריש — ליריש

## פייערדיקע פייגעלעך אינעם דיכטערס קאמין



## שטאָטישע לאַנדשאַפט



## כוואַליעס פון אייביקע שטיגן

זייט

## ערדענע שיסלען



## ירושהדיק פייער



## אין וואַרשעווער געטאָ



## אָ דיכטונג, וואָס ביסטו?

## ביז איצט דערשינענע ביכער פון מאַטעס דייטש:

אליהו הנביא (היסטאָריש־דראַמאַטישע פּאָעמע) 1927.
אינעם לאַנד פון די יענקים — 1935 — לידער.
צווישן ימען און פלאַמען — 1941 — לידער.
מיט־וועסט מערב: אַנטאָלאָגיע — 1933.
מאַנדל־ברויט יידיש (צחישן פּראָזע און ליד) 1952.
צום נאָענטסטן שטערן — יידיש.

## ביכער גרייט צום דרוק:

אין פאָלקישן צוזאַמען (עסייען)
בריוו אין שייכות מיטן גאַנג פון פּאָעזיע
די פּאַפּוגיי און דער טייטש־חומש (דערציילונגען)
וואָלט וויטמאַן (איבערזעצונגען)
גלאַנץ־לעיעלעם — דיכטער פון מאָנונג (גניזה)

# אין פאַרלאַג י. ל. פרץ־ביבליאָטעק
## זענען ביז היינט דערשינען פאָלגנדיע ביכער:

| | |
|---|---|
| י. זרבבל: | בלעטער פון אַ לעבן (2 בענדער) |
| מענדל מאַן: | נאַכט איבער גלושינא |
| אברהם סוצקעווער: | מדבר סיני |
| ישראל טאַבאַקמאַן: | מיינע איבערלעבונגען |
| ש. בערלינסקי: | בילדער און דערציילונגען |
| י. פּאַפּיערניקאָוו: | היימישע און נאָענטע |
| מענדל מאַן: | ביי דער ווייסל |
| יוסף ראָזען: | געקליבענע שריפטן (העברעיש) |
| ק. צעטניק: | דאָס הויז פון די ליאַלקעס |
| יוסף בירשטיין: | אויף שמאָלע טראָטואַרן (ראָמאַן פון קבוץ־לעבן) |
| אפרים שרייער: | קונסט און טעאַטער (העברעיש) |
| מלך נוי־ניישטאַט: | דאָס ערשטע און דאָס צענטע יאָר מדינת ישראל |
| יצחק לעוו: | אין גראַנגל — געקליבענע שריפטן |
| יצחק פאַנער: | שלום אַש אין זיין לעצטער היים |
| מרדכי יפה: | צען ישראל־דיכטער |
| יחיאל האָפער: | אַ הויף אויף פּאָקאָרנע (2 טיילן) |
| ה. לייוויק: | אויף צאַרישער קאַטאָרגע |
| עזרא קאָרמאַן: | צייכנס און צירופים (לידער) |
| נחמן דרוזדוב: | אחד העם |
| פרץ גראַנאַטשטיין: | מענטשן פון נעכטן |
| י. לשצינסקי: | דאָס פּנים פון גלות־יידנטום (העברעיש) |
| יעקב פאַט: | שמועסן מיט יידישע שרייבער (העברעיש) |
| רבקה באַסמאַן: | טויבן ביים ברונעם (לידער) |
| א. קאַרפּינאָוויטש: | דער וועג קיין סדום |
| י. צ. שאַרגעל: | פון וויי און גלויבן (לידער) |
| א. ריוועס: | מיט דער שיף „טשיטשערין" |